די ווערק פון היינריך היינע אין אכט בענד מיט
אַ ביאָגראַפיע פון ע. קאַלישער און אַ פאָרוואָרט
פון דר. נ. סירקין, איבערזעצט פון: אייזלאנד ר.,
ביאליק ה. נ., באָראָכאָוויטש, גראס נ., האלפערן
מ. ל., הערבערט ל. מ., לאנדוי ז. ליליפוט, מאני
לייב, עדעלשטאט ד., פרישמאן ד., פרץ י. ל.,
קיסין י., שוואַרץ י. י., שווייד מ., רייזען א.
און ראָלניק י.



היינריך היינע.

זיבעטער באַנד:

# ראָמאַנצעראָ

און

## געמישטע ליעדער.

אַרויסגעגעבען פון פערלאג „אידיש“
1918 ניו־יאָרק, תרע"ח.

אויב דיך פאראַטען האָט גאָר וועה,
וועה טרייער גאָך, ניט זידעל ;
און איז דיין האַרץ באדריקט גאָר שווער,
דאַן נעהם אין האַנד די פידעל.

די סטרונעס קלינגען ! אַ העלדענליעד
פול פייער און פול פלאַמען,
דאַן שמעלצט דיין האַס און היין געמיט
ווערט זיס און בלוטעט צוזאמען.

## ר אַ מ פּ ז ע נ י ט.

ווען דער קעניג ראמפּזעניט איז
אין זיין טאָכטערס זאַל געקומען,
האָט זי אָנגעהויבען לאַכען,
לאַכען האָבען אויך גענומען

אַלע דינסטען און די שווארצע,
די סריסים און די וועכטער,
מומיען, ספינסקען, אַלע האָבען
שיער נעפּלאַצט פאַרט פאַר געלעכטער.

די פּרינצעסין זאָגט : „איך האָב שוין
היינט דעם גנב שיער געקריגען ;
האָט ער גאָר א טויטען אָרעם
אין מיין האַנד געלאָזען ליגען.

„איצטער קען איך שוין באגרייפען
און באגרייפען שוין פיעל בעסער
ווי אזוי ער נעמט אוועק אלץ,
טראַץ די ריגלען און די שלעסער.

„דען א צויבערליכען שליסעל
מוז דער מאן ביי זיך באזיצען;
ניט א טיר און ניט א טויער
קענען וואָס פון איהם באשיצען.

„איך בין ניט קיין שטארקער טויער, —
נו — האָט ער מיך בייגעקומען:
כ'האָב א נאכט געהיט מיין אוצר,
דאָך האָט ער איהם צוגענומען.“

דאָס דערצעהלט האָט די פרינצעסען,
און געטענצעלט מיט געלעכטער,
און עס האָבען נאָכגעטאַן איהר
אַלע דינסטען און די וועכטער.

אין דעם זעלבען טאָג גאַנץ מעמפיס
האָט געלאַכט — און קראָקאָדילען
האָבען אויך די קעפּ געהויבען
פון דעם נילוס, פון דעם שטילען.

דען זיי האָבען צוגעהערט זיך
צו דעם שאַלען אויף די ברעגען,
און צום קאַנצלער וואָס געלייענט
דעם רעסקריפּט האָט אויף די וועגען.

„ראמפזעניט פון גאָטעס גנאדע
קעניג איבער גאנץ עגיפּטען,
שיקט א גרוס פון טרייער פריינדשאפט
צו זיין פאָלק דעם הייסגעליעבטען.

„אין דעם יאָהר פון דרייצענהונדערט
פיער און צוואנציג (איידער קריסטוס);
אין דער נאכט פון פערטען יוני
דעמאָלט האָט ביי אונז פּאסירט עס.

„אז א גנב האָט פארקליבען
זיך אין אוצר פון רעגירונג
און פון דאָרטען שוין ניט איינמאָל
צוגענומען האָט ער צירונג.

„כדי דעם שולדיגען געפינען
האָבען מיר געלאָזט ערלויבען
אונזער טאָכטער זאָל דאָרט שלאָפען, —
אויף די טאָכטער צו בארויבען

„איז געלונגען איהם. — דעריבער
וועלענדיג דעם גנב שטערען
און מיט ליעבע און מיט אכטונג
איהם אין זעלבער צייט באעהרען

„ווילען מיר פאר איהם די טאָכטער
אונזער איינציגע אָפּגעבען;
פאר א קרוינפּרינץ איהם באשטימען,
און פאר פירשט ביז אונזער לעבען.

„נאָר אזוי ווי אונז איז איצטער
ניט באוואוסט דעם איידעמס וואוינונג,
זאָל דערוויילע דער רעסקריפּט איהם
ברענגען אונזער גרויס באלוינונג.

„יאנואר דעם טאָג דעם דריטען,
דרייצעהנהונדערט צוואנציג זיבען
(איידער קריסטוס) פון דעם מלך
ראמפּזעניט אונטערגעשריבען.“

ראמפּזעניט האָט וואָרט געהאלטען:
פאר אַן איידעם איהם גענומען,
נאָך דעם מלך׳ס טויט דער גנב
האָט די מלוכה אויך באקומען.

און געהערשט האָט ער ווי אלע
אויך געקיניגט גלייך מיט לייטען
און מען זאָגט, אַז ווייניג גנבות
האָט פּאסירט אין זיינע צייטען.

## שעלם פון בערגען.

אין שלאָס פון דיסעלדאָרף ביים רהיין
ווערט א מאסקען־באַל אפּגעהאלטען:
עס פלאקערן די ליכט און עס רוישט די מוזיק,
און עס טאַנצען די בונטע געשטאַלטען.

דאָ טאַנצט אויך די שענע הערצאָגין,
לאכט הויך אָהן אויפצוהערען;
איהר טענצער איז א שלאַנקער יונג,
קען פלינק זיך דרעהען, קעהרען.

ער טראגט א מאסקע פון סאמעט, שווארץ,
דורך דער מאסקע קוקען אויגען
פול פרייד און זיי בליצען ווי א שווערד,
וואס איז האלב פון שייד געצויגען.

עס יובעלט א יעדער אויף דעם באל,
ווער עלטער און ווער אינגער;
ווען דאס שענע פארעל טאנצט פארביי,
זיי קלאפען מיט די צינגער.

און די טרומייטערס שאלען מיט,
דער נארישער באס נעהמט ברומען,
ביז ס'נעמט דער טאנץ צולעצט א סוף,
די מוזיקער פארשטומען.

— געעהרטע פרוי, ערלויבט מיר געהן,
אהיים מוז איך שוין געהן. —
די הערצאגין לאכט: „איך לאז דיך נישט,
דיין פנים מוז איך זעהן."

— געעהרטעסטע פרויי, ערלויבט מיר געהן,
מיין פנים וועט אייך דערשרעקען;
די הערצאגין לאכט: „איך האב קיין אנגסט
איך וועל נאך דיין פנים אויפדעקען."

— געעהרטעסטע פרוי, ערלויבט מיר געהן
דער נאכט, דעם טויט געהער איך.
די הערצאגין לאכט: „איך לאז דיך ניט,
דיין פנים צו זעהן באגעהר איך."

עס וועהרט זיך דער מאן מיט פינסטערן ווארט,
גיט זיך צו דער פרוי ניט אונטער,
זי רייסט איהם צולעצט און מיט געוואלט
די מאסקע פון פנים ארונטער.

„דאס איז דער תליון פון בערגען!“ אזוי שרייט
די מענגע פון פחד געפאנגען;
זיי וויכען צוריק און די הערצאגין
איז שנעל צום מאן צוגעגאנגען.

דער הערצאג איז קלוג און ער מעקט אוים די שאנד
פון זיין פרוי אויפ'ן ארט. נעמט ציהען
ארויס דאס בלאנקע שווערד און זאגט:
„קום אהער, דא זאלסטו קניהען!“

„מיט דעם קלאפ פון שווערד מאך איך דיך איצט
פאר א ריטער, און טו דיך עהרען.
און ווייל מען רופט דיך שעלם, זאלסטו
דער שעלם פון בערגען ווערען.“

אזוי פון א תליון אן ערעלמאן
איז דער שעלם פון בערגען געווארען:
א שטאלץ געשלעכט האט פון איהם געשטאמט,
זיי שלאפען ביים רהיין שוין זייט יאהרען.

## די וואלקירען.

אונטען איז א שלאכט — און אויבען,
פון די וואלקענס פערד ווי לייבען
פליהען אום וואלקירען דריי
זינגען זיך א ליעדעל פריי:

„פירשטען קעמפען, פעלקער שטרייטען
אום די הערשאַפט איבערבייטען;
מאכט איז טייערער פון בלוט —
און די העכסטע גאָב איז מוט.

„העי, פון מויט זיך צו באשיצען
קען מען ניט אין אייזענמיצען,
און דאָס העלדענבלוט צורינט —
און דער ע ר ג ע ר ע ר געווינט.

„לאָרבערקרענץ... באציערט אלץ שענער —
מאָרגען קומט באוואפענט יענער,
וועלכער האָט זיך פאַרט געקליגט
און דעם בעסערען באזיגט.

„בירגערמייסטער, און סענאַטאָר
טראָגען צו דעם טריאומפאטאָר
באַלד די שליסלען, — און מען געהט
אין דער שטאָדט אריין מיט פרייד.

„העי, עס קנאַלען די קאַנאָנען,
און עס שאַלען די טראַמבאָנען;
ס'הילכט די לופט פון גלאָקענקלונג
און „וויוואַט" שרייט אלט און יונג.

„און דעם זיעגער צו באַלוינען,
וואַרפען פרויען בלומען־קרוינען.
און דער זיעגער נעמט עס צו
גריסענדיג מיט שטאָלצער רוה."

## דאָס שלאַכטפעלד ביי הייסטינגס.

דער אבאַט פון וואַלטהאַם האָט טיעף געזיפצט,
ווען ער האָט די בשורה באַקומען,
אַז קעניג האראַלד איז אומגליקליך
ביי האַסטינגס אומגעקומען.

מאַנאַכען צוויי, אַסגאַר און אַאילריק
זיי שיקט ער אַלס שלוחים ארויס
צו נעמען זיין קערפּער פון שלאַכט־פעלד אוועק
און ברענגען צוריק אין זיין הויז.

עס געהען די מאַנאַכען אין טרויער אוועק,
און מוזען זיך טרויריג אומקעהרען.
„הויך־ווירדיגער פאָטער, וועה אונז! גאָט וויל ניט
דעם מת צו געפינען באַשערען!

„געפאַלען איז ער, אונזער מוטיגער מאַן,
דער זיעג איז געגאַנגען צום שלעכטען;
גנבים באַוואָפּענטע טיילען דאָס לאַנד
און מאַכען די פרייע צו קנעכטען.

„דער לויזיגסטער לומפּ פון דער נאָרמאַנדיע
ווערט לאָרד אין'ם לאַנד פון די בריטען.
אַ שניידער פון באַיאַ געזעהן האָב איך, האָט
אין גאָלדענע שפּאָרען געריטען.

„וועה יעדען זאַקס, און אין הימעל־רייך דאָרט
וועל'ן די הייליגע זאַקסען באַקומען
די שטראָף, ווייל זיי האָבען אונז שענדליך פאַרלאָזט,
ס'ווערט די שאַנד ניט ארונטער גענומען.

„איצט ווייסען מיר גוט דאָס, וואָס עס האָט באדייט
דער גרויסער קאָמעט, דער נייער,
וואָס איז בלוט־רויט אין הימעל געריטען ביי נאכט
אויף א גרויסען בעזים פון פייער.

ביי האסטינגס מקוים געוואָרען איז דאָרט
דאָס צייכען פון בייזען שטערען.
געפינען דעם קעניג אין שלאכטפעלד האָט גאָט
ניט געוואָלט אונז אָר'מע באשערען.

„מיר האָבען געזוכט איהם אי דאָ און אי דאָרט,
ביז ס'איז יעדע האָפנונג צורונען,
דעם קערפּער פון האַראָלד, דעם קעניג, אין פעלד
איהם האָבען מיר נישט געפונען.״

אזוי האָבען אַסגאָר און אַאילריק גערעדט,
ס'האָט געזיפצט דער אַבאָט ביים הערען,
און האָט זיך א וויי׳ל אין געדאנקען פארטיעפט,
און האָט זיי געענטפערט דורך טרערען.

„אין גרענדעלפעלד ביי דעם בארדענשטיין
א וואלד איז דאָרט, און דארינען
וועט איהר פרוי עדיט שוואנען־האַלז
אין אן אָרימען שטיבעל געפינען.

„מען רופט זי עדיט שוואנען־האַלז,
ווייל א האלז האָט זי ווי די שוואנען;
דער קעניג האַראָלד, ער האָט געמיינט,
אז א שענערע איז נישט פארהאנען.

„ער האָט זי געליעבט, געקושט און געהארצט,
צום סוף פארגעסען, פארלאָזען;
די צייט אנטלויפט און זעכצעהן יאָהר
זינט דעמאָלט זענען פארפלאָסען.

„געהט ברידער אהין צו יענעם ווייב
און לאָז זי מיט אייך געהן
צוריק קיין האסטינגס, דאָס אויג פון ווייב
וועט שוין דעם קעניג דערזעהן.

„צו דער וואלטהאם קירך אהער זאָלט איהר דאָן
דעם טויטען קערפער ברינגען,
כדי ווי א קריסט צו באגראָבען דעם מת
און פאר זיין נשמה צו זינגען.“

אין מיטען פון נאכט אין דעם שטיבעל ביים וואלד
דיביידע שלוחים שטעהען:
„וואך אויף, אָ עדיט שוואנען־האלז,
דו זאָלסט מיט אונז איצט געהען.

„דער הערצאָג פון די נאָרמאנען האָט
די סאָלדאטען אונז'רע צושלאָגען,
און אויף דעם שלאכטפעלד ביי האסטינגס ליגט
דער קעניג האראָלד דערשלאָגען.

„קום מיט קיין האסטינגס, מיר וועלען דאָרט
זיין גוף צו געפינען זיך פלייסען,
און ברענגען איהם אין וואלטהאם קירך,
ווי ס'האָט אונז דער אבאָט געהייסען.“

קיין וואָרט זאָגט עדיט שוואַנען־האַלז,
זי טוט זיך אַן געשווינד;
געהט נאָך די מאַנאַכען, איהר גרייז־גראָע האָר,
זיי פלאַטערן ווילד אין ווינד.

זי געהט נאָך באָרוויס, דאָס אָרעמע ווייב,
דורך זומפּען און וועלדער זיי געהען;
זיי האָבען פון האַסטינגס ביים אָנהויב פון טאָג
די קריידיגע פעלזען דערזעהן.

דער נעבעל, וואָס האָט דאָס שלאַכטפעלד באַדעקט,
ווי אַ ווייסער און גרויסער לייליך,
ער איז שוין צורונען, עס פלאַטערן נאָך
די ראָבען און קרעכצען אַבשייליך.

פיעל טויזענטער מתים ליגען דאָרט
פאַרלאָזען אויף בלוטיגער ערד;
נאַקעט, באַ'גנב'עט, צוריסען, צוהאַקט,
און לעבען זיי פגרים פון פערד.

עס טרעט דאָן עדיט שוואַנען־האַלז
מיט נאַקעטע פיס אין בלוט,
ווי פיילען שיסט איהר פאָרשענדער בליק,
ער פאָרשט אי שאַרף, אי גוט.

זי זוכט אהין, זי זוכט אהער,
כדי דעם קערפּער דערגרייכען,
די ראָבען טרייבט זי מיט מיה אוועק,
די מאַנאַכען הינטער איהר קייכען.

זי זוכט ארום דעם גאנצען טאג,
ביז עס לעשט די זון זיך זוים;
דאָ פּלוצים ברעכט דאָס אַלטע ווייב
אין א ווילד געשריי ארוים.

געפונען האָט עדיט שוואנען־האַלז
זיין גוף אין א בלוטיגען טייך,
זי רעדט קיין וואָרט, פאַרגיסט קיין טרעהר,
זי קושט נאָר זיין פּנים בלייך.

זי קושט דעם שטערען, זי קושט זיין מויל,
זי נעמט איהם פעסט ארום
און קושט אויפ׳ן קעניג׳ס בלאסער ברוסט
די וואונדען בלוטיג און שטום.

און אויף זיין שולטער דערזעהט זי אויך
— זי קושט און די טרעהרען פליעסען —
די קליינע קריצען, וואס זי האָט דאָרט
אין א נאכט פון תאוה געביסען.

די מאָנאכען דערווייל זיי זאמלען צונויף
עטליכע ברעטער פון פלויטען,
און אויף דעם טהרה־ברעט טראָגען אוועק
דעם גוף פונ׳ם קעניג, דעם טויטען.

זיי טראָגען אין וואלטהאַס קירך איהם אוועק
געבראָכען און שווער־באטריבטע,
דעם גוף באגלייט צו זיין קבר צו
עדיט שוואנען־האַלז, די געליעבטע.

זי זינגט די טויטען־געזאַנגען אַרויס
מיט אַ פרומקייט, וואָס קינדער צייגען,
עס קלינגט אַזוי שוידערליך אין דער לופט:
די מאַנאַכען, זיי בעטען און שווייגען.

## דער העלפער.

עס פרעהט זיך פּלאַנטאַדזשענעט און גלויבט:
ער האָט אונז די לעצטע האָפנונג גערויבט,
ווייל ס'האָבען די קנעכט אַ מצבה דערזעהן
און „אַרטהור" איז דאַרויף געווען.

אַרטהור איז ניט געשטאָרבען, ס'האָלט
קיין שטיינער־טרונע זיין געשטאַלט;
איך האָב איהם אַליין פאַר איינינע טעג
געזעהן אין וואַלד געהן אויף געיעג.

פון גרינעם סאַמעט איז זיין קלייד,
זיין ליפּ זי לאַכט, זיין אויג — פול פרייד,
ער קומט אויף אַ פערד, וואָס שטאָלץ און שעהן
מיט זיינע פריינד אויף יאַגד צוגעהן.

ווי מעכטיג שוין זיין יאַגד־האָרן שאַלט:
טראַ־ראַ, טראַ־ראַ דורך טאָל און וואַלד.
דעם צויבער־קלאַנג, דעם וואונדער־טאָן,
נאָר קאַרנוואַל'ס זוהן פאַרשטעהען קאָן.

ער טאָן זאָגט אָן: ניט יעצט די צייט,
טראַ־ראַ, טראַ־ראַ, דאָך זי איז ניט ווייט,
ס'קומט קעניג אַרטהור מיט די פריינד
און וועט באַפרייען דאָס לאַנד פון פיינד!

## קארל דער ערשטער.

אין וואלד אינ'ם קויהלען־מאנ'ם שטיבעל זיצט
באטריבט אליין דער קעניג;
ער זיצט ביי דער וויעג פונ'ם קויהלען־מאן'ם קינד
און וויעגט און זינגט איינטעניג.

„אייאפאפעיא, וואס ריהרט זיך אין שטרוי?
אין שטאל דארט מעקען די שאף,
איך זעה, אויפ'ן שטערען דיין צייכען דו טראגסט
און לאכסט אזוי שרעקליך פון שלאף.

„אייאפאפעיא, דאס קעצעל איז טויט,
דיין צייכען טראגסטו אויפ'ן שטערען;
דו הייבסט אויף דיין האק, אז עס ציטערט דער וואלד,
א מאן וועסטו שוין ווערען.

„דער אלטער קויהלען־מאן־גלויבען איז טויט,
א קויהלען־מאנ'ם קינד גלויבט שוין ווייניג;
עס גלויבען די קינדער שוין מעהר ניט אין גאט
און גראד אזוי פיעל אין א קעניג.

„דאס קעצעל איז טויט און עס פרעהען זיך די מייז,
און נאר שאנד איז אונז ביידע באשעהרט;
אייאפאפעיא, אין הימעל איז גאט,
און איך בין דער קעניג אויף דר'ערד.

„מיין מוט פאלט אוועק, מיין הארץ איז קראנק,
איך ווער שוואכער פון שעה צו שעה,
אייאפאפעיא, דו קויהלען־מאנ'ם קינד,
דו וועסט מיין תליון זיין דא!

„מיין טויטען־געזאַנג איז דיין וויגן־ליעד, יאַ,
דאָס וועט זיך אַלס אמת באַווייזען,
די שנייד מיר נאָך פאַר דעם די לאָקען אַראָפּ,
אויפ'ן נאַקען וועט קלינגען דאָס אייזען.

„אייאַפּאַפּעיאַ, וואָס ריהרט זיך אין שטרוי?
די האָסט דיר אַ מלוכה ערוואָרבען;
די האָקסט מיר דעם קאָפּ פון מיין קערפּער אַראָפּ,
דאָס קעצעלע איז געשטאָרבען.

„אייאַפּאַפּיעאַ, וואָס ריהרט זיך אין שטרוי,
אין שטאַל דאָרט מעקען די שאָף;
דאָס קעצעל איז טויט און עס פרעהען זיך די מייז. —
שלאָף, מיין תליון'דעל, שלאָף!"

## מאַריאַ אַנטואַנעטע.

ווי פרעהליך אין טואילעריען־שלאָס
בלאַנקען די שפּיגעל־פענסטער,
און דאָך געהען אום דאָרט אין העלען טאָג
נאָך אַלץ די אַלטע געשפּענסטער.

עס געהט אין פּאַוויליאָן דע פלאָר דער גייסט
פון מאַריאַ אַנטואַנעטע,
זי נעמט די מאָרגען־באַזוכער אויף
מיט שטרענגער עטיקעטע.

געפּוצטע דאַמען, די מעהרסטע שטעהען
אויף בענקלעך, אַנדערע זיצען,
די קליידער פון אַטלאַס און גאָלדען בראָקאַט
באַהענגט מיט דימאַנטען, שפּיצען.

די טאַליע איז שמאָל און דאָס קלייד איז ברייט
פון אונטען וואו ס'לאָזט זיך אראָפּ
הויך־קנאַפּליגע פּיסעלעך קוקען אַרויס,
עס פעהלט זיי נאָר איין זאַך — דער קאָפּ.

זיי האָבען קיינע ניט קיין קאָפּ,
אויך די קעניגין פּאַרציערט
קיין קאָפּ און ס'איז איהר מאַיעסטעט
דערפאַר היינט נישט פּריזירט.

יאָ, זי מיט טורעם־הויכען טופּעט
האָט גערעדט מיט שטאָלץ און בייזער,
די טאָכטער פון מאַריאַ טהערעזיאַ,
ס'אייניקעל פון דייטשען קייזער.

איצט איז זי א גייסט און אָהן פּריזור,
אָהן קאָפּ מיט טופּעט וואָס איז הויך,
די אונפּריזירטע אַדעל־פרוי'ען
זיי זענען אָהן קעפּ אויך.

דאָס קומט אַרויס פון דער רעוואָלוציאָן
און איהר פאַטאַלער דאָקטרין,
אין אַלעם איז שולדיג זשאַן זשאַק רוסאָ,
וואָלטעיר און די גילאָטין.

משונה איז אבער, עס זעהט זיך אויס,
ווי ס'וואָלטען די אָרימע דאַמען
אַליין ניט באַמערקט, אז זיי זענען טויט
און אָהן קעפּ אַלע צוזאַמען.

א פּוסט פאַרבויגען זיך, גראַד ווי אַמאָל,
און אָהן געשמאַק דער שמייכעל,
געקינסטעלט איז יעדער רעווערענס
פון די, וואָס אָהן קעפּ און אָהן שכל.

עס בוקט זיך די ערשטע דאַמע ביי איהר
און ברענגט א לייוועגטע העמד,
די צווייטע גיט עס דער קעניגין
און ס'בוקען זיךביידע פאַרשעהמט.

די דריטע פרוי און די פערטע פרוי,
זיי בוקען זיך, קניען אַנידער
פאַר איהר מאַיעסטעט, איהר אָנצוטאָן
די זאָקען און דעם מיעדער.

א הויף־פריילין קומט און בוקט זיך אויך
און ברענגט א יאַקעל ברייט,
אַן אַנדער פריילין בוקט זיך און ברענגט
דער קעניגין'ס אונטערקלייד.

די אויבער הויף־מייסטערין שטעהט דאַביי
און פעכערט איהר ברוסט א ווייל,
און ווייל זי האָט ניט מעהר קיין קאָפּ
לאַכט זי מיט'ן אונטער־טייל.

און דורך די פאַרהענגטע פענסטער וואַרפט
די זון נייגיעריג איהר בליק,
דאָך ווי זי דערזעהט דעם גייסטער שפּיעל —
אַנטלויפט זי דערשראַקען צוריק.

## גאָט אַפּאָלאָ.

I

דאָס קלויסטער שטעהט הויך אויפ׳ן פעלזען געבויט
עס רוישט פארביי דער רהײן ;
עס קוקט דורך די גראַטעס די נאָנע ארויס,
זי קוקט און הערט זיך איין.

עס פאָהרט א שיפעל און פאבעלדיג
אויף זיי דער אָבענד גלאנצט ;
עס הענגט פון זיי דער בונטער טאַפּט
פון לאָרבער און בלומען באקראנצט.

א שענער בלאָנד־געלאָקטער פראַנט
שטעהט אין שיף אין דער מיטן.
זיין גאָלד־געשטיקטעס פורפור־קלייד
איז פון אַן אלטען שניט.

צו זיינע פיס צולעגען זיך
ניין מאַרמאָר־שענע ווייבער,
די הויך פארשארצטע טוניק נעמט
ארום די שלאַנקע לייבער.

דער גאָלד־געלאָקטער ליעבלינג זינגט
און שפּיעלט דערצו די לייער,
עס דרינגט אריין אין דער נאָנע׳ס הארץ
דאָס ליעד און ברענט ווי פייער.

די נאָנע מאכט א צלם און
זי צלמ׳ט זיך דאַן ווידער,
די זיסע פיין פארבלייבט, עס רינט
א ביטערע פרייד דורך די גלידער.

II.

„איך בין דער גאָט פון מוזיק,
און איך בין אַנגעזעהן,
מיין טעמפעל איז אין גריכענלאנד
אויפ'ן בארג פּארנאַס געווען.

„אויפ'ן בארג פּארנאַס אין גריכענלאנד
דאָ בין איך אָפט געזעסען
ביים שענעם קוואל קאסטאַליא
אין שאָטען פון ציפּרעסען.

„עס זענען זינגענדיג געזעסען
ארום מיר די שענע טעכטער,
און ס'האָט געזונגען און געקלונגען
דער הויכער געשפּרעך און געלעכטער.

„עס האָט דערביי פון צווישען בוימער
דער יאגד־האָרן ארויסגעשאלט,
דאָרט איז געגאנגען אָפט מיין שוועסטער,
דיאנא, אויף דער יאגד אין וואלד.

„איך ווייס ניט ווי עס איז געשעהן,
איך האָב געדארפט נאָר זיפּען
— עטוואָס פון קוואל קאסטאַליא
און עס זינגען מיינע ליפּען.

„איך זינג און ווי פון זיך אליין
די לייער קלינגט, בארוישט ;
מיר דאכט זיך, עס האָט דאפנע דאָן
פון לאָרבער־בוים געלוישט.

„איך זינג און ווי אמבראזיא
די ריחות זיך צוגיסען,
און אויף דער גאנצער, גרויסער וועלט
א גלאריען־שיין נעמט פליסען.

שוין טויזענד יאהר פון גריכענלאנד
בין איך פארשיקט, פארטריבען —
דאך איז מיין הארץ אין גריכענלאנד
אין גריכענלאנד געבליבען.

III.

אין דעם קלייד פון די באגווינען,
איג׳ם מאנטעל מיט דער קאפע,
אינ׳ם גרעבסטען שווארצען סערזש־שטאף
איז געקליידט די יונגע נאנע.

האסטיג ביי דעם רהיין־טייך׳ס ברעגען
געהט זי, געהט זי מיט דעם שטראם,
דער וואס פיהרט קיין האלאנד, האסטיג
פרעגט זי די, וואס געהען איבער:

„האט איהר נישט געזעהן אפאלא?
ניין? ער טראגט א רויטען מאנטעל,
ליעבליך זינגט ער, שפיעלט די לייער,
אט דאס איז מיין ליעבער אפגאט.“

קיינער וויל מיט איהר ניט טענה׳ען,
מאנכע דרעה׳ן צו איהר דעם רוקען,
מאנכער גלאצט אויף איהר און שמייכעלט,
מאנכער זיפצט: „אה, ארעם קינד!“

אויף דעם זעלבען וועג באגעגענט
זי אן אפגעלאזטער אלטער,
פינגערט אין דער לופט, ווי צעהלענד,
זינגט זיך אונטער נאז א ליעדעל.

טראגט א זעקעל אויף די פלייצעס
און א קליין דרייקאנטיג היטעל,
און מיט לאבענדיגע אויגלאך
הערט ער אויס דער נאנע'ס ווערטער:

„האט איהר נישט געזעהן אפאלא?
ער, וואס טראגט א רויטען מאנטעל,
ליעבליך זינגט ער, שפיעלט די לייער
און ער איז מיין ליעבער אפגאט."

יענער אבער גיט דעם ענטפער,
און ער וויעגט דאביי זיין קעפעל
היין און הער און צופט גרימאסנע
זיך דערביי זיין שפיציג בערדעל:

„אויב איך האב איהם דא געזעהן?
יא, איך האב איהם אפט געזעהן,
אפט געגנוג אין אמסטערדאם,
אין דער גרויסער שול, דער דייטשער.

„ער איז דארט געוועזן א חזן,
ס'איז זיין נאמען רבי פייוויש,
דאס וואס הייסט אויף דייטש אפאלא —
דאך ער איז קיין אפגאט נים.

„הויב דער מאנטעל? אויף דעם רויטען
מאנטעל קען איך, עכטער שארלאך,
ס'קאסט אן אייל ביז אכט פלארין,
און איז נאך נישט גאנץ באצאהלט.

„אויף זיין פאטער משה איטשער
קען איך גוט, ער איז א מוהל
ביי די פארטוגעזישע אידען,
ער האט מל געווען אויף שרים.

„ס'איז זיין מאמע א קוזינע
צו מיין שוואגער, האנדעלט אויף דער
גראכט מיט זוי'רע אוגערקעס
און מיט הויזען אפגעלעבטע.

„האבען ניט פון זוהן קיין נחת,
יא, ער שפיעלט זעהר גוט די לייער;
אבער, ליידער, שפיעלט ער בעסער
אפט טאראק און ל'האמברע שפיעל.

„חזיר עסט ער, „פרייגעזאנען"
איז ער, האט זיין שטעל פארלארען
און דערפאר פאהרט ער אין לאנד אום
מיט געשמינקטע קאמעדיאנטען.

„אין די בודעס אויפ'ן מארק־פלאץ
שפיעלט ער אפטמאל פ י ק ע ל ה ע ר י נ ג.
האלאפערענס, קעניג דוד,
און ער קריעגט דעם גרעסטען בייפאל.

„דען דעם קעניג'ס אייג'נע ליעדער
זינגט ער אין דעם קעניג'ס אייג'נער
מוטער־שפּראַך מיט דעם שלשלת,
מיט דעם ניגון, מיט דעם אַלטען.

„פון דעם אמסטערדאמער טעאטער
האָט ער מוידען מיטגענומען,
געהט ארום מיט יענע מוזען
איבער'ן לאנד אלם אן אפּאָלאָ.

„צווישען זיי איז דאָ א דיקע
און זי קוויטשעט און זי ברוקעט.
פאר איהר לאָרבער קאָפּ־באַפּוצונג
רופט מען זי: דאָס גרינע שוויין."

## דאָס קליינע פאָלק.

אין א נאכט־טאָפּ איז ער געשוואומען
אין חתונה־קלייד אראָפּ מיט'ן רהיין.
און ווי ער איז קיין ראָטערדאם געקומען,
זאָגט ער איהר: מיידעל־שען, ווילסטו זיין מיין?

„איך פיהר דיך איצט, געליעבטע שענע,
מיט אין מיין שלאָס און כלה־זאַל שטאָלץ,
די ווענד זיי זענען הובעל־שפּענער,
דער גאנצער דאך פון שטיקלעך האָלץ.

„ס'איז חנ'עוודיג און נעט אזוי,
דו לעבסט דיר דאָרט א קעניגין,
א וועלשענ־בוים איז אונזער בעטעל,
א לייליך פון שפּינוועבס איז דארין.

„מוראשקע־אייער געבראָטען אין פּוטער
עסען מיר טעגליך און ווערעם־געמיז
און שפּעטער ירש'ען איך פון מיין מוטער
דריי נאָנען־נפחות, וואָס שמעקען זיס.

איך האָב חזיר־פּעטס און הייטליך,
איך האָב פינגער־היטלעך פול מיט וויין,
און ס'וואקסט א ריב ביי מיר אין גאָרטען
און דו וועסט אמת גליקליך זיין!"

ווי האָט ער געקלאָגט, זי געבעטען איהם נעמען!
„גאָט!" זיפצט די כלה און האלט זיך ביים קאָפּ,
און טרויריג געווען איז זי ביז צום שטארבען,
צום סוף איז זי אבער ארונטער אין טאָפּ.

*   *   *

צי קריסטען זענען עס, צי מייז
די העלדען פון ליער, איך ווייס ניט — און עק!
אין ביווערלאנד האָב איך געהערט עס דערצעהלען,
עס זענען ביי דרייסיג יאָהר שוין אוועק.

## דער עגל הזהב.

פליטען, שופרות, פויקען, פיעדעל,
שפּיעלען צו צום אבגאָט־ליעדעל:
און עס טאנצען יעקב'ס טעכטער
אום דעם עגל רונד־ארום —
בים־באם־בום —
פויקענקלעפּ און גרויס געלעכטער!

ס'קלייד פארקאשערט ביז די לענד,
האלטענדיג זיך פאר די הענד,
עדלע בתולות — יחוס טעכטער —
פליהען ווי א שטארקער ווינד
אום דאָס רינד —
פויקענקלעפּ און גרוים געלעכטער!

אהרן זעלבסט ווערט גאָר אין גאנצען
שטארק פארכאפּט פונ'ם ווילדען טאַנצען,
און ער זעלבסט, דער גלויבענס־וועכטער,
טאַנצט אין כהן־גדול'ס ראָק,
ווי א באָק —
פויקענקלעפּ און גרוים געלעכטער.

## קעניג דוד.

שמייכלענד שטארבט ער, דער טיראַן,
נאָך זיין טויט — דאָס וויים ער — דאַן
בייט די הערשאפט נאָר די הענד
און די קנעכטשאפט האָט קיין ענד.

אָרים פאָלק! ווי פערד אין וואָגען
איז עס איינגעשפּאנט צו פּלאָגען,
ס'ווערט דער נאקען איינגעבראָכען,
וואָס לאָזט זיך ניט אונטערייאכען.

שטארבענדיג זאָגט דוד המלך
שלמה'ן אַן: „געדענק, דו מלך,
אלעמאָל און איביראל
יואב'ן, מיין גענעראל.

„כ׳האָב געהאַסט דעם גענעראַל,
כאָטש מיט מוט און איבעראַל
האָט ער די אַרמיי געפיהרט.
כ׳האָב קיין האָר אויף איהם גענריהרט.

„דו, מיין זוהן, ביזט פרום און קלוג,
גאָט־פאַרכטיג און שטאַרק גענוג,
און דיר וועט עס לייכט געלינגען
אָט דעם יואב אומצוברינגען.“

## קעניג ריכאַרד.

דורך די וועלדער׳ס פאַרלאָזענע פראַכט
יאָגט אַן אין שטורם אַ רייטער,
ער בלאָזט אין האָרן און זינגט און לאַכט
און פרעהליך יאָגט ער ווייטער.

עס איז זיין העלם פון קופער שטאַרק,
נאָך שטאַרקער איז זיין האַרץ,
דאָס איז פון קריסטליכע ריטער די בלום
דאָס איז הער ריכאַרד ליבענהאַרץ.

„געגריסט זיי אין ענגלאַנד!“ רופען איהם צו
די בוימער מיט גרינע צינגער,
„מיר פרעה׳ן זיך וואָס אַנטלאָפען ביזטו
פון תפיסה, קעניג און זינגער.

דעם קעניג איז וואויל אויף דער פרייער לופט,
ער פיהלט זיך ווי נייגעבאָרען;
דערמאָנט זיך אַן עסטרייך׳ס געפענגעניש־דופט
און גראָבט אינ׳ם פערד איין די שפּאָרען.

## אזרא.

טעגליך איז דעם סולטאַנ'ס טאָכטער
צום פאָנטאַן פאַרנאַכט געקומען;
אויף און אָב איז זי געגאַנגען,
וואו דאָס וואַסער האָט געמורמעלט.

טעגליך איז דער שקלאָף דער יונגער
ביים פאָנטאַן פאַרנאַכט געשטאַנען,
וואו דאָס וואַסער האָט געמורמעלט —
און געוואָרען טעגליך בלייכער.

איינמאָל איז די שענע פירשטין
צוגעטראָטען ראַש, מיט ווערטער:
זאָג, ווער ביזטו? — זאָג דיין נאָמען,
און דיין היימלאַנד און געבורטסאָרט!"

און דער שקלאָף האָט איהר געענטפערט:
„מאַהאָמעד בין איך פון תימן,
און איך שטאָם פון יענע אזרא,
וועלכע שטאַרבען, ווען זיי ליעבען."

## הימעל כלות.

ווער עס געהט פאַרביי דעם קלויסטער
מיטען־נאַכט דערזעהט די פענסטער
העל באַלויכטען און עס הויזען
דעמאָלט דאָרטען די געשפענסטער.

ס׳געהט א פינסט׳רע פראצעסיאָן
טויטע אורסולינערינען;
יונגע, שענע פנים׳ער
אין קאפוץ געהילט און לינען.

טראָגען ליכט אין זיי׳רע הענד,
סודות׳דיג און בלוט־רויט שיינען;
ס׳קלינגט אין קאָרידאָר משונה
שעפטשען, רוישען, קלאָגען, וויינען.

צו דער קירכע געהט דער צוג,
זעצען זיי זיך דאָרט אנידער
אויף דעם כאָרוס׳ בוקס־האָלץ־שטוהלען
הויבען זיי אָן זיי׳רע לידער.

פרומע ליטאניייען לידער,
ווערטער וואָס די אוירען בויערן,
אָרעמע נשמות, וועלכע
קלאפען אין דעם הימעל׳ס טויערן.

„אָ, מיר זענען קריסטוס׳ס כלות,
וועלט־לוסט האָבען מיר באגעהרט;
האָבען צעזאר׳ען געגעבען
דאָס וואָס האָט צו גאָט געהערט.

„רייצען אונז די אוניפאָרם
און דער וואָנצע׳ס גלאנץ און גלעטען.
דאָך עס ציהען צו צום מעהרסטען
צעזאר׳ס גאָלדנע עפּאָלעטען.

„אַך, דער שטערן וואָס געטראָגען
האָט אמאָל א קרוין פון דערנער,
האָבען מיר גענאַרט און האָבען
אנגעטאָן אויף איהם צוויי הערנער.

„יעזוס, וואָס איז לויטער גוטסקייט,
האָט געוויינט פאר אונזער זינד
און געזאָגט: „לאָז זיין פארשאָלטען
אייער זעעלע! וועה און ווינד!“

„איצטער מוזען מיר אין מיטנאַכט
אויפשטעהן פון דעם קבר־בעט,
מוזען וואַנדערן אום די מויערן.
מיזערערע! פאַר'ן חטא.

„כאָטש אין הימעל איז דאָך וואַרים
גוט איז אונז אין קבר־בעט,
האָב רחמנות ליעבער יעזוס,
מיזערערע! פאַר'ן חטא!

„זיסער יעזוס, זיי אונז מוחל
און פאַרגיב די זינד, די שווערע;
נעהם אונז אין דעם וואַרמען הימעל!
מיזערערע! מיזערערע!“

זינגט אזוי די מחנה נאָנעס,
איז אַן אָרגאַניסט צוגעטראָטען
צו דעם אָרגעל און דעם טויטען'ס
שאָטען־הענד געהן דורך די נאָטען.

## פאלצגרעפין יוטטא.

פאלצגרעפין יוטטא פאהרט איבער'ן רהיין
אין לייכטען שיף ביי לבנה שיין,
די דיענסט איהרע רודערט, די גרעפין שרייט:
„זעהסטו ניט זיבען מתים דארט ווייט!
זיי זענען געשוואומען
און נאך אונז געקומען,
אך, טרויריג שווימען די טויטע!

„זענען ריטער געווען פול יוגענד־לוסט,
געפאלען זענען זיי אויף מיין ברוסט;
האבען טרייקייט געשווארען מיר, אז האלטען
זאלען די שבועה די שענע געשטאלטען,
האב איך געלאזט זיי באפאלען,
ווארפען אין די וואלען!
אזוי טרויריג שווימען די טויטע!"

די דיענסט איהרע רודערט, די גרעפין לאכט,
דאס קלינגט אזוי שווידערליך דורך דער נאכט.
ביז צו די לענדען טויכען ארויס
די מתים און שטעקען די פינגער ארויס,
ווי שוועבענדיג שיקען
זיי גלעזערנע בליקען,
אזוי טרויריג שווימען די טויטע!

## דער מאהרען-קעניג.

אינ'ם גלות געהט דער יונגער
קעניג פון די אלפוכארען,
שווייגענדיג, דאס הארץ פול צער,
רייט ער און פיהרט אן די טרופען.

הינטער איהם אין הויכע צעלטען
און אין גאָלדענע טראָג־בעטלעך
זיצען פרויען פון זיין הויז, דער מויל־
עזעל־טראָגט די שווארצע דיענסטען.

הונדערט דיענער געהן געטריי נאָך
אויף אראביענ'ס פערד, די עדלע,
שטאָלץ די פערד און דאָך די רייטער,
הענגען שלומפּיג אין די זאָטלען.

און קיין צימבעל און קיין פויק־טאָן
קלינגט ניט און קיין קלאנג פון זינגען ;
דעם מוילעזעל'ס זילבער־גלעקלעך
בליבען שטילערהייט און צערטליך.

אויף דער הויכקייט וואו דער בליק
אין דוערא טאָל אראָפּפאלט
און די באַשטעם פון גראַנאדא
מען דערזעהט צום לעצטען מאָל שוין.

דארטען שטייגט אראָפּ דער קעניג
פון זיין פערד און קוקט די שטאָדט אָן,
וועלכע גלאַנצט אין ליכט פון אָבענד
ווי פארצירט מיט גאָלד און פורפור.

אָבער אללאה ! אַה, וואָס זעהט ער !
שטאָט דער טיי'רער האלב־לבנה
גלאַנצט דער צלם, שפּאניען'ס פאָהנען
אויף די טורעמס פון אַלאַהאַמברא.

אך, ביי יענעם אנבליק ברעכען
פון דעם קעניג'ס ברוסט די זיפצען,
און די טרעהרען שטראמען פלוצים
ווי א גוסטייך אויף די באקען.

פינסטער פון געצעלט, דעם הויכען,
קוקט אראפ דעם קעניג'ס מוטער,
קוקט זי אויף דעם קעניג'ס יאמער,
מאכט דעם פארוואורף שטאלץ און ביטער:

„באאבדיל על טשיקא," זאגט זי,
„ווי א ווייב באוויינסטו איצט די
שטאדט וואס האסט פארטיידיגען,
ווי א מאן דארף, ניט געקענט".

ווען דעם קעניג'ס ליעבסטע קעבס־ווייב
האט דערהערט די הארטע ווערטער,
ווארפט זי זיך ארויס פון טראג־בעט
און זי האלזט און קושט דעם קעניג.

„באאבדיל על טשיקא," זאגט זי,
„טרייסט זיך, טרייסט, מיין היים־געליעבטער.
פונ'ם אבגרונד פון דיין עלענד
בליהט ארויס א שענער לארבער.

„ניט אליין דער טריאומפירער,
ניט אליין דער זיעג־געקרוינטער
ליעבלינג פון דער בלינדער געטין;
אויך דער בלוטיגער זוהן פון אומגליק.

„אויף דער העלדענמוט'גער קעמפער,
וואָס איז איצט באַזיעגט פון שווערען
שיקזאַל, ער וועט אייביג לעבען
אין זכרון פון די מענשען."

„בארג פון לעצטען זיפץ פון מאַהרען"
הייסט אצינד ביז היינט־צו־טאָג
יענער בארג, וואו ס'האָט דער קעניג
ס'לעצטע מאָל געזעהן גראַנאַדא.

פריינדליך האָט די צייט דערפילט היינט
די נביאות פון זיין ליעבסטער,
און דעם מאַהרען־קעניג'ס נאָמען
ווערט פארהערליכט און געפייערט.

קיינמאָל וועט זיין רוהם פארקלינגען,
איידער מיט א קרעכץ צושפּרינגען
וועט די סטרונע פון דער לעצטער
אנדאלוזישער גיטאַרע.

## זשעפּראַי רודעל און מעליזאַנדע פון טריפּאָלי.

אינ'ם שלאָס פון בלעיע זעהט מען
פיעל טאַפּעטען אויף די ווענד,
ס'חאָט פון טריפּאָלי די גרעפין
זיי געשטיקט מיט קלוגע הענד.

ס'איז ארייגעשטיקט איהר זעעלע
אין איהר שטיקעריי געווען,
ליעבע טרעהרען ווייזט דאָס קונסטווערק,
אַט דאָס האָט מען דאָרט געזעהן :

ס'האט רודעל'ן געזעהן די גרעפין
ביי דעם ברעג אין גסיסה ליגען,
האט זי ס'אפבילד פון איהר בענקען
גלייך דערקענט אן זיינע ציגען.

רודעל האט צום ערשטען מאל דא
און צום לעצטען מאל ערבליקט
אויפ'ן וואהר די שענע דאמע,
וואס האט איהם אין טרוים ענטציקט.

איבער איהם בויגט זיך די גרעפין,
נעמט מיט ליעבע איהם ארום,
קושט דאס מויל, וואס האט געקושט זי
און וואס איז איצט טויט און שטום.

אך, דער קוש פון זייער באגעגנען
איז געוועזן דער קוש פון שיידען!
האבען זיי דעם כוס געלעדיגט
פון דער העכסטער לוסט און ליידען.

אינ'ם שלאס פון בלעיע נעכטליך
הערט מען קלאפען, רוישען, קראכען,
די פיגורען פון טאפעט — זיי
הויבען פלוצים אן צו וואכען.

טרובאדור און דאמע טרייסלען,
די פארשלאפ'נע שאטען־גלידער,
טרעטען פון דער וואנד און וואנדלען
דורך די זיילען אויף און נידער.

פריינדליך שעפטשען, צערטליך שפּאסען
טרויער־זיסע צערטליכקייטען
און גאַלאַנטעריע באַגראַב׳נע
פון די מינע־זינגער׳ס צייטען:

„זשעפּראַי, מיין האַרץ ווערט וואַרעם
און לעבט אויף פון דיינע ליעדער,
און די לאַנג־פאַרלאָשענע קויהלען,
פיהל איך נעהמען פלאַמען וויעדער.“

„„מעליסאַנדע, גליק און בלומען!
ווען אין דיין זים אויג איך זעה,
לעב איך אויף, געשטאָרבען איז
נאַר מיין ערדיש לייד און וועה.““

„„זשעפּראַי, האָבען מיר געליעבט זיך
אין א חלום! און אצינד
ליעבען זיך אין טויט! דאָס וואונדער
שטאַמט פון אמאָר, גאָט און קינד!““

„„מעליסאַנדע! וואָס איז חלום?
וואָס איז טויט? אומזיסטע טענער!
אין דער ליעבע נאָר איז אמת,
און איך ליעב דיך, אייביג־שענער!““

„„זשעפּראַי, ווי פריינדליך איז דאַ
אין לבנה־העלען זאַל,
כ׳וואָלט נישט מעהר געוואָלט אומוואַנדלען
אין דעם טאָג־ליכט׳ס זונען־שטראַהל!““

„ „מעליסאנדע, טײ׳רע נאריז,
דו ביזט ליכט און זון אליין;
וואו דו וואנדעלסט, דארט איז פריהלינג,
שפראצען דארטען ליעבע, חן.“ “

צערטלען זיך אזוי און וואנדלען
יענע צערטליכע געשפענסטער,
און דאס ליכט פון דער לבנה
קוקט אדורך די בויגען־פענסטער.

דאך דעם שענעם גייסט פארטרייבט די
מארגען־רויט, וואס קומט צום ענדע,
יענע לויפען דאן צוריק אין
די טאפעטען, אין די ווענד.

## דער דיכטער פירדוזי.

I.

גאלדנע מענשען, זילבער מענשען,
ווען א לומפ רעדט פון א רענדעל
איז די רייד דאס וועגען זילבער,
מיינט ער דאס א זילבער־רענדעל.

נאר אין מויל פון פירשטען, שאכען
איז פון ריינעם גאלד דאס רענדעל,
ווייל מלכים מעהרסטענס נעמען
און זיי גיבען גאלדנע רענדלעך.

אט אזוי שוין דענקען מענשען,
אויך געטראכט האט דאס פירדוזי,
דער פערפאסער פון באריהמטען
און פארגעטערטען „שאך־נאהמע“.

וועלכער האט דאס ליעד דאס גרויסע,
לויט דעם שאך׳ס באפעהל געשריבען,
און פאר יעדען פערז א רענדעל
האט דער הערשער איהם פארשפראכען.

זיעב׳צעהן מאל געבליהט האט הערליך,
און פארוועלקט די רויז די שענע
און אויך פונקט אזוי פיעל מאל זי
האט די נאכטיגאל באזונגען.

אין דער צייט האט אלץ דער דיכטער
אויף זיין וועב־שטול פון געדאנקען
טאג און נאכט געוועבט אהן אויפהער
פון זיין ליעד דעם ריעזען טעפיך.

אין דעם טעפיך האט דער דיכטער
וואונדערבאר צונויפגעפלאכטען
פון זיין היימאט די געשיכטען,
פארזיזטאנס אוראלטע מלכים.

פון זיין פאלק די ליבלינגס־העלדען
העלדענטהאטען, אוואנטורען,
צויבער־מעשות — אלעס האט ער
אויסגעוועבט אין וואונדער־בלומען.

אלעס לעבעדיג און בליהענד
ברענענדיג און פארבענגלאנציג
גלייך ווי אנגעשטראהלט פון הימעל
פון איראנס פארהייליגט פייער.

פון דעם געטליך ריינעם פייער,
פון דעם לעצטען פייער־טעמפעל,
וואָס אין דיכטערס האַרץ געפלאַמט האָט,
טראָץ דעם קאָראַן און דעם מופטי.

ווען דאָס ליעד האָט ער געענדיגט,
האָט דעם מאַנוסקריפּט דער דיכטער
אָבגעשיקט צו זיין באַפעהלער —
צוויי מאָל הונדערט טויזענד פּערזען.

און אין באָד־שטוב איז געווען דאָס,
אין דער באָד־שטיבעל פון גאַזנאַ,
וואו די שווארצע שקלאַפען האָבען
דאָן פירדוזי אָנגעטראָפען.

יעדער האָט געשלעפּט א געלט־זאַק
און זיך קניהענדיג צום דיכטער
צו די פיס אוועקגעלעגט עס,
אלס מתנה פאַר זיין דיכטונג.

האסטיג אויפגעריסען האָט ער
אלע זעק, נאָר אַנשטאָט גאָלדנע
רענדלעך, וואָס ער האָט ערוואַרטעט,
האָט ער מיט פאַרדראָס דערזעהן גאָר,

אַז דער אינהאַלט פון די זעק איז
בלייכער זילבער — זילבער רענדלעך
צוויי מאָל הונדערט טויזענד — ביטער
האָט דער דיכטער דאָן צולאַכט זיך.

ביטער לאַכענדיג צוטיילט האָט
ער די רענדלעך אויף דריי טיילען,
און צוויי טיילען אבגעגעבען —
האָט ער צו די שווארצע שקלאַפען

אלס מתנה פאר'ן ברענגען,
און דעם דריטען טייל — דעם באַד־קנעכט,
וועלכער האָט די באַד באזאָרגט איהם,
האָט ער אבגעגעבען טרינק־געלד.

און א וואנדערשטאַק גענומען
האָט ער און פארלאָזט די הויפּט־שטאָט;
אבגעשטויבט האָט ער ביים טויער
פון די פיס דעם שטויב דעם לעצטען.

III.

„וואָלט ער מענשליך, איינפאך, קלאָר
ניט געהאלטען וואָס פארשפּראָכען,
וואָלט ער נאָך זיין וואָרט געבראָכען,
ניט פארדריסען וואָלט מיך גאָר.

„מיך באליידיגט האָט ער מעהר
דורך זיין צווייזיניגען ריידען,
דורך זיין שווייגען שטיל באשיידען,
וואָס האָט צוגעזאָגט נאָך מעהר.

„ווירדיג האָט ער אויסגעזעהן,
ס'האָט זיך קיינער צו זיין רייפען
אויסזעהן ניט געקענט פארגלייכען;
קעניגליך איז ער געווען.

„ווי די זון פון הימעל שטראהלט,
אנגעקוקט האט מיך מיט פייער
אויף דער ווארהייטס־מענש דער טרייער
און האט אבגענארט מיך באלד.“

III.

דער שאף  ה א ט  צ ו ג ע ב י ס ע ן  גוט
און איז געווען אין גוטען מוט.

אויף פורפור טעפיכער גאר פיעל
ביים וואסער־פאל דארט זיצט ער שטיל.

ארום די דינער אלערליי
און אויך אנזארי צווישען זיי

אין וואזען שטעהען אויסגעשטעלט
די שענסטע בלומען פון דער וועלט.

און פאלמען פעכערען זיך אויף
ווי יונגע מיידלעך שלאנק און הויך.

און די ציפרעסען שטעהען שטיל
פארטראכט אין זייער וועה־געפיהל.

נאר פלוצלונג וועקט זיך אויף א קלאנג,
א זאנפט געהיימניספול געזאנג.

„דאס ליעד איז וועמענס“, האט געפרעגט
שאך מאהאמעד אויפגערעגט.

„ „פירדוזי’ס,“ “ האט אנזארי איהם
געענטפערט מיט א שטילער שטים.

„פירדוזי ?" פרעגט דער שאַך געשווינד,
„אַ וואו געפינט ער זיך אצינד ?"

אנזארי ענטפערט איהם פארטראכט :
„ „ער לעבט אין עלענדקייט, פארשמאכט,

„ „אין טהוס, דעם דיכטער'ס מוטער־שטאָדט,
וואו ער אַ קליינעם גאָרטען האָט." "

געשוויגען האָט דער שאַך אין קלעם
און זאָגט דערנאָך — „אַנזאַרי נעהם

„אַ הונדערט מוילעזלען און אויך
אַ פופציג קעמלען גרויס און הויך,

„מיט אלעם גוטען לאָד זיי אָן,
פון וואָס אַ מויל נאָר ריידען קאָן ;

„מיט אוצרות זעלט'נע אָהן אַ שיער,
מיט גוטע קליידער, הויז־געשיר

„פון סאנדאַלהאָלץ און העלפאנט־ביין,
וואָס זאָלען אויסזעהן רייך און שעהן.

„און קאַנען, בעכער גאָלדיג העל
מיט בונט געפלעקטע לעמפערט פעל.

„מיט טעפיכער, וואָס ביי דער האנד
געארבייט ווערען דאָ אין לאנד.

„פארגעס ניט איינפאַקען וואָס מעהר
פארשיעדענארטיגע געוועהר.

„און מיט געטראנקען קארג אויך ניט
אויף שפייזען אלערליי נעהם מיט,

„און קאנפיקטורען, מאנדעלטארט
און פעפער־קוכענס יעדען סארט.

„נעהם מיט א טוץ די בעסטע פערד
אראבישע פון גרויסען ווערט,

„און שווארצע שקלאפען אויף א טוץ,
וואס זאלען ברענגען איהם א נוץ.

„פארגעס אנזארי ניט קיין זאך,
און שנעלער זעה די רייזע מאך,

„און אלץ צוזאמען מיט מיין גרוס
גיב אפ פירדוזי אין שטאדט טהוס.“

אנזארי ניט געטראכט האט לאנג
און צוגעגרייט דעם שאך׳ס געשאנק.

דאס אלץ באטראפען האט דעם צינז,
וואס מען באקומט פון א פראווינץ.

אריבער זענען נאר דריי טעג,
איז אנזארי געווען אין וועג,

און מיט א רויטער פאהן א מאן
האט אנגעפיהרט דעם קאראוואן.

אין אכט טעג צייט דערגרייכט צו טהוס,
וואס ליגט דארט ביי די בערג צו פוס.

דורך מערב טויער זענען זיי
אריין אין שטאָדט מיט פרייד־געשריי

מיט טומעל, מיט טראָמפּייטען קלאַנג
און מיט א הויך טריאומף געזאַנג.

„לא איל אַללאַ!" געהילכט האָט לאַנג
די קעמעל־טרייבערס זיסער קלאַנג.

אין ענדע שטאָדט פון צווייטען זייט
געווען איז אין דער זעלבער צייט

פירדוזי'ס לויה — און מען האָט
באַגלייט דעם דיכטער הינטער שטאָדט...

## נאַכטיגע רייזע.

עס כוואַליעט דער ים. פון די כמאַרעס שוואַרץ
קוקט די האלבע לבנה אויף זיי;
מיר זענען געפאָהרען דאַן אין א שיף,
מיר זענען געוועזען דריי.

עס פּאַטשט אינ'ם וואַסער דעם רודער'ס קלאַפּ
פאַרדראָסיג איינערליי,
ווייס־שוימענדע וועלען רוישען — און זיי
באַשפּריצען אונז אלע דריי.

זי שטעהט אינ'ם שיף אזוי בלאַס און שלאַנק
און אומבאַוועגליך דאַביי,
גלייך אַן איטאַליענישע מאַרמאָר סטאַטוע,
פון דיאַנע אַן אָפּבילד געטריי.

די לבנה באהאלט זיך דאן און עס פייפט
דער נאכטווינד קאלט פארביי;
הויך איבער די קעפ, און דא פלוצים קלינגט
ארוים אן אויסגעשריי.

בין איך אין פיעבער? איז עס א שד
פון געטליכער פאנטאזעריי?
נארט מיך א חלום? עס חלומ'ט זיך מיר
אכזר'ישע נארעריי.

מיר טרוימט, איך בין יעזוס, זוהן פון גאט
— אה, אכזר'ישע נארעריי! —
און דאס איך טראג א צלם גרוים
געדולדיג און געטריי.

די ארעמע שענקייט ווערט געדריקט,
איך אבער מאך זי פריי
פון שמאך און זינד, פון קוואל און נויט
פון וועלט־באשמוצעריי.

דו, ארעמע שענקייט, שווידער ניט,
ניט זיי אין שרעק, ניט זיי,
איך גים דיר אליין דעם טויט אין גלאז,
זאל ברעכען מיין הארץ זיך אין צוויי!

אה, שגעון, אה, אכזר'ישער טרוים,
ווילדקייט און נארעריי!
עס עפענט די נאכט זיך, עס שרייט דאס מעער:
שטעה גאט מיר ביי, שטעה ביי!

העלף מיר אָה גאָט, בארמהארציגער גאָט!
בארמהארציגער אל שדי!
דאָ פאַלט וואָס אין ים אראָפּ, אוי וועה!
שדי, שדי, אדוני!

די זון געהט אויף, מיר פאָהרען צום לאַנד,
עס גליהט דער מאַי און בליהט
און ווען מיר געהען ארויס פון שיף
מיר זענען צוויי — מעהר ניט.

## פּ ר ע ל י ו ד.

אָט דאָס איז אמעריקאַ,
אָט דאָס איז די נייע וועלט!
נישט די היינטיגע, וואָס איז שוין
אייראָפּעאיש און פארוויאנעט.

אָט דאָס איז די נייע וועלט
ווי ס'האָט קריסטאָפאָר קאָלומבוס
זי פון ים ארויסגעצויגען
גלאַנצענדיג אין כוואַליע־פרישקייט.

טריעפעלט זי פון וואסער־פּערעל
וואָס, צושטויבטע, שפּריצען פינקען
ווען זי קושט דאָס שענע זונליכט.
ווי געזונד איז אָט די וועלט!

קיין בית־עולם פון ראָמאַנטיק,
זי איז ניט קיין שאַרבען־באַרג
פון פאַרשימעלטע סימבאָלען
און פאַרשטיינערטע פּאַרוקען.

פון געזונטען באָדען שפּראָצען
איך געזונטע בוימער, קײנער
דאָרט איז װעלט־מיד, קײנער טראָגט דעם
חוט השדרה׳ם שװינדזוכט סימן.

אויף די בוימער־צװײגען װיגען
גרויסע פויגלען זיך, די פעדערן
פאַרבען שטראַהלענדיג. מיט ערנסטע
לאַנגע שנאָבלען און מיט אויגען,

בריל־ענאַרטיג, שװאַרץ געזוימטע
קוקען זײ אויף דיר און שװײגען,
ביז זײ קװיטשען פּלוצים, שרײען
און זײ פּלאַפּלען װי מאַרק־װײבער.

דאָך איך װײס נישט, װאָס זײ זאָגען,
פּאַטש איך בין אין פויגעל־שפּראַכען
גוט באַקאַנט װי שלמה המלך,
װאָס געהאַט האָט טויזענד װײבער.

און געקענט האָט פויגעל־שפּראַכען,
נישט נאָר די מאָדערנע שפּראַכען,
נאָר אויך אַלע אַלטע, טויטע,
אויסגעשטאָפּטע דיאַלעקטען.

נײער באָדען, נײע בלומען!
נײע בלומען, נײע ריחות!
אומגעהערטע, װילדע ריחות,
װעלכע דרינגען מיר אין נאָז,

לײדענשאַפטליך רײצן, שטעכן,
און מײַן חוש הריח גריבעלט
זיך און קװעלט זיך: װאו האָב איך שױן
װען געשמעקט אַזאַ מין ריח?

איז אויף רידזשענט סטריט געװען דאָס
אין די זוניג־שלאַנקע אָרעמס
פון דער שלאַנקער יאַװאַנעזין,
װאָס האָט אַלץ געקײַט די בלומען?

אָדער גאָר אין ראָטערדאַם
בײַ דער סטאַטוע פון עראַזמוס,
אין דער װײַסער װאַפעל־בודע
מיט דעם סודות'דיגען פאַרהאַנג?

און בשעת איך קוק נשתומם
אַן אַזױ די נײַע װעלט,
דאַכט זיך, אַז איך גיב איהר מײַן
גרעסער אַבשײַ נאָך, עם צלמ'ט

זיך אַ מאַלפּע, װאָס דערזעהט מיך
און אין שרעק לױפט אין די קוסטעס,
רופט אין אַנגסט אויס: „אַ געשפּענסט!
ס'איז אַן אַלטער װעלט'ס־געשפּענסט!"

מאַלפּע, האָב קײן מורא, איך בין
קײן געשפּענסט, קײן בײזער רוח,
ס'קאָכט אין מײַנע אָדערן לעבן,
כ'בין דעם לעבנ'ס טרײַסטער זוהן!

דאָך דורך יאָהרען־לאַנגען אומגעהן
מיט די מתים, האָב איך איצטער
די פארשטאָרבענע׳ס מאַניערען
און געהיימע זעלטענקייטען.

כ׳האָב פארבראַכט אין בארג קיפהייזער
מיינע שענסטע לעבענס־יאָהרען,
און אין וועגוס בארג און אנד׳רע
קאַטאַקאָמבען פון ראָמאַנטיק.

ציטער ניט פאר מיר, מיין מאַלפּע,
כ׳בין א פריינד דיר, דען אויפ׳ן אחור
אָבגעשאָבט, אָהן האָר, פון לעדער,
טראָגסטו פארבען וואָס איך ליעב.

טייער׳ע פארבען: שוואַרץ־רויט, גאָלד־געל,
אָט די מאַלפּע אחור־פארבען
זיי דערמאָנען מעלאַנכאָליש
מיך אָן פלאַג פון באַרבאַראָסא.

## וויצליפוצלי.

I

אויף זיין קאָפּ א קראַנץ פון לאָרבער,
אויף די שטיוועל גאָלד׳נע שפּאָרען,
אָבער ניט קיין העלד געוועזען
איז ער, און אויך ניט קיין ריטער.

נאָר א פּראָסטער רויבער־פיהרער,
וועלכער מיט א פויסט א פרעכער
אין דעם בוך פון רוהם פארשריבען
האָט זיין פרעכען נאָמען: קאָרטעז.

האָט אונטער קאָלומבוס׳ נאָמען
האָט ער איהם אַריינגעשריבען,
און דער תּלמיד אויף דער שול־באַנק
לערנט מוז די ביידע נעמען לערנען.

באַלד נאָך קריסטאָפאָר קאָלומבוס,
רופט ער אוים פערנאַנדאָ קאָרטעז,
אַלס דעם צווייטען גרויסען מענשען,
אין דעם טעמפּעל פון דער ניי־וועלט.

העלדען־גורל, בייזער שפּיצעל!
אונזער נאָמען ווערט פאַרקניפּעלט
מיט דעם נאָמען פון אַ שווינדלער,
אין דעם מענשליכען זכרון.

איז ניט גלייכער צו פאַרקלינגען
אומבאַקאַנט, ווי נאָכצושלעפּען
דורך דער לאַנגער אייביגקייט
אַזאַ חבר׳שאַפט אין נאָמען?

דען הער קריפטאָפאָר קאָלומבוס,
איז געווען אַ העלד — זיין זעעלע,
אַזוי לויטער ווי די זון — האָט
פּונקט ווי זי אָהן מאָס געשאָנקען.

ס׳איז אַ פריייע האַנד ניט זעלטען,
אָבער יענער האָט דער וועלט
נאָך אַ גאַנצע וועלט געשאָנקען,
און זי הייסט — אַמעריקאַ.

ניִשט באַפרייט האָט ער אונז, אמת,
פון דער וויסטער ערד־געפענג'ניש,
דאָך האָט ער געמאַכט זי גרוימער,
און די קייט א סך פאַרלענגערט.

דאַנקבאַר לויבט איהם איצט די מענשהייט,
וועלכע איז שוין מיעד געוואָרען
ניט בלויז פון אייראָפּאַ, אָבער
אויך פון אַפריקא און אַזיען.

איינער בלויז, איין העלד א גרויסער,
האָט געגעבען מעהר און בעסער,
ווי קאָלומבוס, דאָס איז יענער,
וואָס האָט אונז א גאָט געגעבען.

עמרם איז זיין פאַטער'ס נאָמען,
און זיין מאַמע הייסט יוכבד,
ער אַליין הייסט משה, און ער
איז מיין שענסטער, גרעסטער גבור.

אָבער, פּעגאַזוס, דו זאַמסט זיך
מיר צו לאַנג שוין ביי קאָלומבוס,
וויס, עס פיהרט דער רייט אַצינדערט
אונז צום קלענער'ן נפש — קאַרטען.

שפּרייט פאַנאַנדער דיינע פליגלען,
וואונדער־פערד! און זאָלסט מיך טראָגען
צו דעם שענעם לאַנד, אין יענעם
נייען וועלט־טייל: מעקסיקאָ.

טראָג מיך צו דעם שלאָס דעם גרויסען,
וועלכען קעניג מאָנטעצומאַ,
ווי אַ ברייטער מכנים־אורחה,
האָט געעפענט פאַר די שפּאַניער.

ניט נאָר דירות, און צו פרעסען,
פיעל און רייך, כיד המלך,
האָט געגעבען ער די רויבער,
אויך מתנות, גלענצענד, פּרעכטיג.

ציערונג ערעל אויסגעהאמערט
פון מאסיוועז גאָלד און פערעל
האָבען פריינדשאַפט אָנגעוויזען,
און די גרויס־מוט פון דעם מלך.

ער, דער אונציוויליזירטער,
רויהער, בלינדער געצענדינער,
האָט געגלויבט אין טרייהייט, עהרע,
און אין הייליקייט פון גאַסט־רעכט.

און ער האָט מיט פרייד באוויליגט,
בייצואוואוינען יענע שמחה,
וואָס לכבוד איהם די שפּאַניער
האָבען אין דעם שלאָס געגעבען.

און מיט זיינע הויף־באַריענטע,
רוהיג, פריינדליך, איז געקומען
ער אין פּאַלאַץ פון די שפּאַניער,
וואו מ׳האָט איהם באגריסט מיט שופרות.

ווי דאָס פּעסט־שפּיעל האָט געהייסען,
ווײס איך ניט — פּילייכט געוועזען
„שפּאַניער טרייהייט“ איז זיין נאָמען.
דאָך מיר קלינגט׳ס : „פּערנאַנדאָ קאַרטעץ.“

יענער גיט דעם צייכען — פּלוצים
ווערט דער קעניג איבערפאַלען
און געבונדען, און אַלם משכון
האָט מען איהם אין שלאָס געהאַלטען.

דאָך געשטאָרבען איז דער קעניג,
און דאָס האָט די צאָם געבראָכען,
וואָס געשיצט האָט די באַנדיטען
פון דעם פאָלק׳ס צוגליהטען צאָרען.

ס׳האָט צוברענט זיך די רציחה —
ווי א ים פון קייט געריסען,
וואַרפען, שליידערען זיך נעהנטער
די צורייצטע מענשען־כוואַליעס.

כאָטש די שפּאַניער האָבען מוטיג
יעדען שטורעם אָבגעשלאָגען,
האָט מען נאָכאַנאַנד געשטורעמט,
ביז דאָס שפּיעל האָט אויך דערעסען.

נאָך דעם טויט פון מלך, האָט מען
שפּייזען אויפגעהערט צו ברענגען :
קירצער ווערען די חלקים —
די געזיכטער ווערען לענגער.

און מיט לאַנגע צורות, האָבן
אַנגעקוקט זיך שפּאַניענס קינדער,
און פאַר׳חלום׳ט און פאַרביינקט זיך
נאָך דער ליעבער קריסטען־היימאַט —

נאָך דעם פאַטערלאַנד דעם טרייען,
וואו די פרומע גלאָקען קלינגען,
און וואו ס׳פרעגעלט זיך אין אויוועז
א געבראָטענס פול מיט גרינסען.

און מיט דיקליכען געפילעכץ,
אונטער וועלכען, דופטענד שעלמיש,
האָבען, לאַכענדיג, באַהאַלטען
זיך די וואוילע קנאָבעל־וואורשטלעך.

ס׳האַלט א קריעגס־ראַט אָב דער הויפּטמאַן,
מען באַשליסט: אַהיים צו פאָהרען,
איידער נאָך די זון וועט אויפגעהן,
זאָל מען פון דער שטאָדט ארויסגעהן.

לייכט איז ער אריינגעקומען,
דער געשייטער, קלוגער קאָרטעץ;
נאָר געוועזן איז דאָס אנטלויפען
גאָר א בלוטיגער נסיון.

מעקסיקא, די אינזעל־שטאָדט,
ליגט אין מיטען פון אַן אויסגוס,
און א נעץ פון ווילדע שטראַמען —
איז א שטאָלצער וואסער־פעסטונג.

און פארקעהרען מיט דעם בערג־לאנד
קאָן מען נאָר אויף פליטען, בריקען,
וועלכע רוה'ן אויף ריעזען־זיילען;
אויך צו־פום דורך קליינע אינזלען.

נאָך פאר זונענאויפגאנג האָבען
זיך געלאָזט אין וועג די שפּאניער,
ס'איז קיין פויק געריהרט געוואָרען,
מ'האָט קיין מאָרגען־רוף געבלאָזען.

ניט געוואָלט, משמעות, וועקען
פונ'ם שלאָף די בעלי־בתים:
(הונדערט טויזענד אינדיאנער,
האָבען אין דער שטאָדט געלאַגערט).

דאָס מאָל אָבער האָט דער שפּאניער,
אָהן זיין בעל־הבית גע'חשבונ'ט;
נאָך אפריהער אויפגעשטאַנען,
זענען היינט די אינדיאנער.

אויף די בריקען, פליטען, אינזלען,
האָבען זיי געוואַרט, שוין גרייטע,
כדי דעם אבשיידס־טרונק, מיט כבוד,
זיי'רע אורחים צו דערלאַנגען.

אויף די בריקען, פליטען, אינזלען, —
דאָרט געברענט האָט א הוליאנקע.
רויט אין שטראָמען פליסט דאָס בלוט
— און די שטאַרקע טרינקער ראַנגלען

ראנגלען גוף אַן גוף געפּרעסט,
און מיר מערקען גאָר אויף פּיעלע
אינדיאַנער־בריסט דעם שטעמפּעל,
פון א שפּאַניער שווערדען־פּרעהליכס.

ס'איז געווען א ווערגען, שטיקען,
און א שעכטען, וואָס איז לאַנגזאַם,
בלוטיג לאַנגזאַם האָט געקייקעלט
איבער קלעצער, בריקען, פּליטען.

די אינדיאַנער רעווען, זינגען,
דאָך די שפּאַניער קעמפן שווייגענד.
טראָט פאר טראָט; זיי מוזען ברעכען
זיך א וועג צו אַנטלויפען.

און געשלאָגען ענג פאַרפּלאָנטערט,
האָט זיי ווייניג וואָס געהאָלפען
די אייראָפּא'ס, שטרענגע קריעגס־קונסט —
פייער תהומות, פערד און פאַנצער.

פּיעלע שפּאַניער זענען חוץ דעם
שווער מיט גאָלד געווען באַלאַדען,
וואָס זיי האָבען אָנגע'גזל'ט —
אוי, די געלע זינדען־משא —

האָט געלעהמט, געשטערט אין קאַמף זיי,
און דאָס טייוועלשע מעטאַל,
ניט נאָר האָט עס די נשמה,
נאָר ס'האָט אויף דעם גוף געשעדיגט.

איידער וואָס האָט שוין דאָס וואַסער
זיך באַדעקט מיט באַרקעס, שיפלאַך,
ווילדע בייגעזן־שיסער האָבען
זיך געציעלט אויף בריקען, פליטען.

און עס האָט דער פייל געטראָפען
אין געטומעל, אייג'נע ברידער!
נאָר זיי האָבען אויך געטראָפען
מאַנכען חשוב'ן הידאַלגאָ.

אויף דער דריטער בריק געפאַלען
איז דאָן גאַסטאָן, וואָס געטראָגען
האָט די פאָהן, מיט דעם אָפּבילד
פון דער הייליגער מאַריאַ.

ס'האָבען אינדיאַנער פיילען
אויך דאָס בילד ניט גאַנץ געלאָזען:
זעקס פאַר'סמ'טע שפּיצען שטעקען
פּונקט אין האַרצען — בלאַנקע פיילען!

זיי דערמאָנען יענע שווערדען,
וועלכע האָבען מוטער מרים'ס
צער־פולע ברוסט געבויערט
ביי די הייליגע פּראָצעסיעס.

אין זיין גסיסה אָבגעגעבען
האָט דאָן קאַסטאַן צו גאָנצאַלוואָ
איצט די פאָהן; באַלד איז יענער
אויך אַ טויטער אומגעפאַלען.

קאַרטעץ נעמט אַליין די פאָהן,
ער — דער גבור, און ער טראָגט זי
אויף זיין פערד ביז קעגן אבענד,
ווען די שלאכט האָט זיך פארענדיגט.

הונדערט זעכציג שפאניער האָבען
יענעם טאָג דעם טויט געפונען;
אכציג האָבען די אינדיאנער
לעבעדיג אין פלען גענומען.

פיעל פון זיי האָט מען פארוואונדעט,
שפעטער זענען זיי געשטאָרבען;
ביי א טוצענד פערד אויך האָט מען
טייל געטויט און טייל געפאנגען.

ערשט פארנאכט האָט זיך דערשלאָגען
קאַרטעץ מיט זיין ביסעל מענשען
צו א ברעג, וואו קוים געוואקסען
זענען עטליכע טרויער־ווערבעס.

II.

נאָך דעם טאָג פון קאמף און אימה
קומט דער נאכט־שד פון נצחון...
הונדערט טויזענד פריידען־לאָמפען
פלאקערען אין מעקסיקאָ.

הונדערט טויזענד פריידען־לאָמפען, —
סמאָלע־פאקלען, ווילד־פעך־פייער
ווארפען שרייענד זייער טאָגליכט,
אויף פאלאצען, געטער־זאלען,

האַנדעל־הייזער, און צומאַל,
אויף דעם היכל, — וויצליפּוצלי׳ס
געצען־שלאָס, פון רויטען באַקשטיין,
וואָס דערמאָנט אונז אָן מצרים׳ס

צי אָן אשור׳ס אָדער בבל׳ס
אַלטע ריזיגע בנינים;
מ׳קען זיי זעהן אויף די בילדער
פון דעם קינסטלער יאהאַן מארטין.

יאָ, דאָס זענען גאָר די זעלבע
ברייטע שטיגען, מיט פּארענטשעס,
וואו עס גיסען אויף און ניעדער,
זיך, ווי כוואַליעס, מעקסיקאַנער,

וואו עס האָבען מחנות קריגער
זיך צולעגט אין ווילדער שמחה,
און מען הוליעט, און מ׳איז שכור
אי פון זיעג, אי פון׳ם פּאַלם־וויין.

אָט די ברייטע שטיגען שלענגלען
זיך ארויף צו א פּלאַטפאָרמע,
אומגערינגעלט מיט קאַלאַנעס —
ס׳איז דער טעמפּעל־דאַך דער גרויסער.

דאָרטען אויף זיין טראָן־מזבח,
זיצט דער גרויסער וויצליפּוצלי,
מעקסיקאָ׳ס ברוטאַלער קריעגס־גאָט —
ס׳איז א בריאה פול רציחה.

נאָר זיין פּנים — אַזוי גלאַטיג,
אַזוי קינדעריש און פאַרצאַצקעט,
אַז עס קיצעלט אַזש די פּיאַטעס,
טראָץ זיין בלוטיגער אכזריות.

און זיין אָנבליק אָפּט דערמאָנט אונז,
אָן דעם בלאַסען טויט פון באַזעל —
א מצבה אויף באַלעריע
און אויף בריסעל׳ס מאַנקען־פּיס.

און עס שטעהן ביי זיינע זייטען
רעכטס — המון, און לינקס — כלי־קודש:
און מיט פּיעל־קאָלירטע פעדערן
פּוצען היינט זיך די שמשים.

אויף די שטיגען פון מזבח
זיצט א הונדערט־יעהריג מענשעל
אָהן איין האָר אויף באַק און שאַרבען;
טראָגט א פייער־רויט כאַלאַטעל.

ער איז דאָ דער כהן־גדול,
און ער שאַרפט אצינד דעם חלף,—
שאַרפט און שמייכעלט, און ער חנפ׳ט
אָפּט צום גאַט זיך מיט אַן אויגעל.

וויצליפוצלי שיינט דעם בליק
פון זיין דיענער צו באַגרייפען,
פינטעלט מיט די אויגען־דעקלעך
און באַוועגט זאָגאַר די ליפּען.

אויף די שטיגען פון מזבח,
זיצען אנגעגרייט כלי־זמרים:
פויקען קלאַפּער, האָרען בלאָזער,
און עס טרובעט, און עס פּילדערט —

יאָ, עס טרובעט, און עס פּילדערט,
און עס הויבט דער כאָר אָן זינגען:
מעקסיקאַנער הללויה,
זיי מיאַוקען פּונקט ווי קעץ, —

א מיאַוקען, ווי פון קעץ,
נאָר פון יענעם סאָרט דעם גרויסען,
וועלכע הייסען טיגער־קעץ
און שטאַט מייז גאָר מענשען פרעסען.

ווען דער נאַכט־ווינד פּאַכט אריבער
אַט די טענער צו דעם ים־ברעג,
ווערט די שפּאַניער דאָרט אין לאַגער
אַזוי טרויעריג אויפ'ן האַרצען.

טרויעריג אונטער טויער־ווערבעס
שטעהען זיי נאָך אַלץ ביים ים דאָרט,
און זיי בליקען צו דער שטאָדט,
וועלכע אין דעם טונקעל־וואַסער

שפּיגעלט אָב זיך, און פאַר'חוזק'ט
יעדען פונק פון זייער שמחה —
שטעהען זיי דאָרט ווי אין פּאַרטער
פון א ריזיגען טעאַטער.

פון דעם וויצליפוצלי־טעמפעל
די פּלאַטפאָרם — איז די ביהנע,
וואו לכבוד דעם נצחון,
אויפגעפיהרט ווערט א טראגעדיע.

„מענשען־קרבן״ הייסט דאָס שטיק,
אור־אלט איז דער שטאָף, די פאַבעל:
ווען די ראָלע שפּיעלען קריסטען,
פיהלט זיך ניט אזא מין עקעל.

ס'ווערט דאָס בלוט אויף ווײן פארביטען,
און עס ווערט אנשטאָט דעם פגר
צוגעגרייט א פיינע קאַשע,
פון געזיפטע קאָרן־מעהל.

אָבער איצטער, ביי די ווילדע,
איז דער שפּאַס געווען גאנץ ערנסט.
אויפגעפאסט: פליישׁ איז פליישׁ,
און דאָס בלוט איי מענשען־בלוט.

דאָס מאָל איז עס גראָד געוועזען
ריינעס בלוט פון קריסטען, וועלכעס
האָט זיך קיינמאָל ניט פארמישט נאָך
מיט דעם בלוט פון מאַהר און אידען...

פרעה זיך, וויצליפוצלי, פרעה זיך!
היינט ווערט שפּאַניער בלוט געטרונקען!
און עס וועט ביים ווארמען ריח
זשעדנע לאַבען זיך דיין נעזיל.

ס'ווערען היינט פאר דיר געקוילעט
אכציג שפאניער, שטאלץ געבראטענס!
פאר דער סעודה פון די פריסטער,
וועלען זיך ביים פלייש דערקוויקען.

דען דער כהן איז א מענש,
און דער מענש, דער ארמער פרעסער,
קאן נים בלויז פון שמעקען לעבען
און פון ריח, ווי די געטער.

הארך! דער טויטען־פויק שוין ציטערט,
און עס קרעכצט דער בייזער שופר...
ס'איז דער אנזאג, אז מען פיהרט איצט
אויף די טרעפ די בעלי מיתה.

אכציג שפאניער, אדם־נאקעט,
און די הענד צונויפגעבונדען
אויף דעם רוקען, שלעפט און שייערט
מען ארויף די טעמפעל־שטיגען.

פאר דעם בילד פון וויצליפוצלי
צווינגט מען זיי צו פאלען כורעים,
און צו געהן א טאנץ פון לצים, —
און מען צווינגט זיי מיט ענויים

אזוי מורא'דיג און גרויזאם,
אז דער וועה פון די געפלאגטע
האט פארשריען און פארהילכט די
קאניבאלען־וואקכאנאליע.

אר׳מער עולם דארט ביים ים !
קארטעז און די קריעגס־געגאסען —
זיי פארנעמען און דערקענען
יעדען שרעק־רוף פון די ברידער.

אויף דער ביהנע, שארף־באלויכטען,
זעהען זיי איצט קלאר און בולט,
די געשטאלטען און העויות —
זעהן דעם מעסער, זעהן דאס בלוט.

און זיי טוען אוים די היטלען
פון די קעפ, און פאלען כורעים,
שטעלען איין די טויטען־תפילה,
און זיי זינגען : „ממעמקים"...

צווישען די קרבנות האט זיך
אויף געפונען דע־מענדאזא,
דער מאנאשקע׳ס א בן־יחיד,
קארטעז׳ס ערשטע יוגענד־ליעבע.

ווען ער אויף דער ברוסט פון איינגעל
האט דערזעהען די קמיעה
מיט דער מאמע׳ס בילד, האט קארטעז
זיך צעוויינט מיט העלע טרעהרען.

נאר ער ווישט זיך אוים די אויגען,
מיט דער הארטער פוטער־הענטשקע,
און ער זיפצט און זינגט אין כאהר, מיט
זיי צוזאמען : Miserere

III

בלאסער פינקלען שוין די שטערען,
און די מאָרגען־נעבלען שטייגען
פון דעם ים, אזוי ווי רוחות
איינגעהילט אין ווייסע קיטלען.

ליכט און יום טוב שוין פארלאָשען
אויף דעם דאַך פון געצען־היכל,
דער המון און די כלי קודש
כראָפּען אויף דער שכור׳ער ערד.

נאָר דאָס רויטע העמדעל וואַכט נאָך
ביי דעם שיין פון לעצטען פּאַקעל,
האָניג טריפט פון כהנ׳ס ליפּען
צוקער־זיס צום אַבגאָט רעדט ער:

„וויצליפּוצלי, פּוצליוויצלי,
טייערינקער וויצליפּוצלי!
היינט ביזטו געוועזן בעל־שמחה,
האָסט געשמעקט היינט זיסע ריחות!

„מ׳האָט פארטרונקען שפּאַניער־בלוט —
אי, האָט דאָס געשמאַק געפּאַרעט,
און דיין פיינער גזעל־שמעקער
האָט דעם ריח איינגעזויגען.

„מאָרגען שעכטען מיר די פערד,
איידעל תמ׳עוואַטע ברואים,
ס׳האָט דער ווינד־שד צוגערעדט זיי
מיט דער ים־קוה זנות צו טרייבען.

„ווילסטו זיין א גוטער, שעכט איך
פאר דיר ביידע איניקלעך,
וואוילע אינגלעך, בלוט — א חיות!
ס׳לעצטע נחת אויף מיין עלטער...

„אָבער זאָלסט א גוטער זיין,
מוזט אונז נאָך נצחונות שענקען,
לאָז אונז זיעגען, ליעבער, גוטער
וויצליפוצלי, פוצליוויצלי.

„אַה, פאַרדאַרב אונזערע שונאים,
יענע פרעמדע, וועלכע זענען
דאָ געקומען איבער׳ן וועלט־ים,
פון נאָך ניט ענטדעקטע לענדער.

„זאָג, ווער יאָגט זיי פון דער היימאַט?
טרייבט זיי הונגער אָדער בלוט־שולד?
בלייב אין לאַנד, זיי זיך מפרנס,
זאָגט אַן אַלטער קלוגער ווערטעל.

„וואָס פאַר א באַגעהר באַצווינגט זיי?
האָבען אונזער גאָלד גע׳גזל׳ט,
און אונז צוגעזאָגט אין הימעל,
עולם הבא צו געניסען!

„און מיר האָבען גאָר געגלויבט, זיי
זענען זיהן פון דער השגחה,
זונען־קינדער, און אונשטערבליך,
און באַשיצט פון בליץ און דונער.

„נאָר זיי זענען מענשען, שטאַרבען
פּונקט ווי מיר, און ס'האָט מיין חלק
היינט ביי נאַכט געוויזען דייטליך
זייער מענשען־שטערבליכקייט.

„מענשען זענען זיי, ניט שענער
איידער מיר, און מאַנכע זענען
אַזוי מיאוס ווי די מאַלפּעס —
ווי די מאַלפּעס איז באוואַקסען

„זייער פּרצוף, און זיי טראָגען
פאַרבאַהאַלטען אין די הויזען,
מיאוס'ע ברודנע אָפּען־עקען —
ווער קיין אָף איז טראָגט קיין הויזען.

„מיאוס זענען זיי מאָראַליש,
ווייסען נאַרנישט פון געטרייקייט,
און עס איז פאַראַן א סברא,
אַז זיי פרעסען זיי'רע געטער.

„אַה, פאַרטיליג זיי, פאַרניכט זיי,
זייער דור, די געטער־פרעסער —
לאָז אונז זינגען וויצליפּוצלי,
פּוצליוויצלי, וויצליפּוצלי."

אַט אַזוי גערעדט דער כהן
האָט צום גאָט, און ס'האָט זיין ענטפער
טריעב געקלונגען, ווי דער נאַכט־ווינד,
וועלכער פלאַפּעלט מיט דעם ים־גראָז;

„רויט־יאַק, רויט־יאַק, בלוט׳גער שוחט,
טויזענטער האָסטו געקוילעט,
בויער איצט דיין קרבן־מעסער
אין דעם איינעם אַלטען לייב.

„פון דעם אויפגעטרענטען בויך
גליטשט אַרויס זיך דיין נשמה;
איבער שטיינער, איבער וואָרצלען,
שלעפּט זי זיך צום טייך פון שרצים.

„דאָרטען הויקערט מיינס אַ מוהמע,
„שרצים־מלכה" — זי וועט זאָגען:
„גוט מאָרגען, הוילער נפש,
„זאָג, ווי געהט עס מיין פּלימעניק?

„ „וויצליפּוצעלט ער זיך רוהיג,
אין דעם האָניג־זיסען גאָלד־ליכט?
טרייבט דאָס גליק איהם אָב די פליגען
און די דאגות פון זיין שטערן?

„ „אָדער קראַצט איהם קאַצלאַגאַרא,
די פאַרהאַסטע טומאה־געטין,
מיט די שוואַרצע אייזען־לאַפּעס,
איינגעווייקט אין סם פון שלאַנגען?" "

„ענטפער נאַקעטע נשמה:
„ „וויצליפּוצלי לאָזט דיך גריסען,
און ער ווינשט דיר די כאָלעריע
אין דיין בויך, דו מכשפה!

„ „דו האסט איהם צום קריעג געראטען,
ס'איז א תהום געווען דיין עצה...
ס'ווערט מקוים איצט די בייזע,
אור־אלט שרעקליכע נבואה.

„ „אז מיין לאנד מוז חרוב ווערען
פון די ווילד פארוואקס'נע מענער,
וועלכע זענען פון דעם מזרח
דא צו אונז אהער געפלויגען.

„ „אויך פאראנען איז א ווערטעל:
„ווייבער־ווילען גלייבט גאט'ס ווילען" —
דאפעלט איז פון גאט דער רצון,
ווען דאס ווייב איז גאט'ס א מאמע.

„ „יא, עס איז איהר בייזער צארן,
זי, די זינד־פארדארב'נע בתולה,
זי, די שטאלצע הימעל־פירסטין,
וועלכע כשופ'ט און טוט וואונדער.

„ „זי באשיצט די שפאניער־באנדעס,
און מיר מוזען אונטערגעהן.
איך א קבצן צווישען געטער,
און מיין אר'מע מעקסיקא." "

„נאך דער שליחות, רויט־יאק', זאל דיין
זעגל פארקריכען אין א זאמד־לאך,
און דו זאלסט דארט רוהיג שלאפען,
כדי דו זאלסט ניט זעהן מיין אומגליק...

„דיזער היכל שטירצט צוזאמען!
איך אליין? איך וועל פארזינקען
אין דעם משאר — נאר רויך און חורבות.
קיינער וועט מיך מעהר ניט זעהען...

„נאר איך שטארב ניט; דען מיר געטער,
ווערען אלט ווי פאפוגייען,
מיר פארלירען און מיר בייטען
פונקט ווי זיי, אונזערע פעדערן.

„כ׳וועל אנטלויפען נאך אייראפא,
צו דער היים פון מיינע שונאים,
דארטען הויב איך אן צו שפיעלען,
נאך א נייע לעבענס־ראלע.

„כ׳ווער א שד. פון שטאלצען קריעגס־גאט
מאך איך זיך פאר א נים־גוטען,
אלס דעם שונא׳ס בייזער פיינד
קאן איך דארטען ווירקען, שאפען.

„פלאגען וועל איך דארט די שונאים,
מיט געשטאלטען זיי דערשרעקען,
דעם ניחנום — פעך און שוועבעל!
זאלען זיי מיר תמיד שפירען.

„די חכמים, די נאראנים
וועל איך רייצען און פארפיהרען...
זייער טוגענד וועל איך קיצלען,
ביז זיי לאכען ווי א חצופה...

„יאַ, אַ טייוועל וועל איך ווערען,
און איך גרים מיר אַלס חברים:
אשמדאי און בעל —
אויך אשתורות און בעל־זבוב...

„דיך צומאָל באַגרים איך, לילית,
זינדען־מאַמע, גלאַטע שלאַנג!
זאָלסט מיך דיין אכזריות לערנען,
און די שענע קונסט פון שקר.

„מיין געליעבטע מעקסיקאַ,
כ'וועל זי קיינמאָל שוין ניט רעטען...
נאָר נקמה וועל איך נעמען
בלוטיג, פאַר מיין מעקסיקאַ".

דאָס גליק איז אַ צולאָזען מיידעל
און בלייבט ניט גערן אויף איין אָרט,
זי גלעט די האָר דיר צאַרט און איידעל
און קושט דיך שנעל און איז שוין פאָרט.

פרוי אונגליק איז פאַרקעהרט אין גאַנצען:
זי האָט דיך פעסט צום האַרץ געדריקט;
זי זאָגט, זי ליעבט ניט אומצוטאַנצען,
זי זיצט ביי דיר ביים בעט און שטריקט.

## וואַלד-איינזאַמקייט.

איך האָב אין מיין יוגענד מיין גליק געקראָגען,
אויפ'ן קאָפּ א בלומען־קראַנץ געטראָגען.
די בלומען פול מיט רייץ און גלאַנץ,
אַ כישוף איז געווען אין קראַנץ.

דער שענער קראַנץ האָט אויסגענומען,
דאָך איך, איך האָב ניט אויסגענומען;
איך בין אנטלאָפען פון קנאה ווייט
אריין אין דער גרינער וואַלד־איינזאַמקייט.

אין וואַלד האָב איך געפיהרט זיך דרייסטער,
און פריי געלעבט מיט חיות, גייסטער,
פעען און חיות מיט הערנער גרויס,
זיי קומען צו מיר און זיי וויכען ניט אויס.

אַז איך האָב קײן ביקס און קײן שטײן און קײן שטעקען,
זײ װײסען און קומען צו מיר צו אַהן שרעקען;
דער הירש האָט געװאוסט, אַז איך טו איהם ניט װעה,
אַז איך בין קײן „בעל שכל“ געװאוסט האָט די פּעע.

פון „חסד ביי פעען“ א נאר מאכט א װעזען,
דאך װי ס׳זענען דעם װאלד׳ס נכבדים געװעזען
אי פריינדליך, אי גוט צו מיר, ליעבליך און פיין,
מוז איך בנאמנות איצט מודה אייך זיין.

װי האָט עס דאָס עלפען־פאָלק אום מיר געפלאַטערט
און פרעהליך די צייט אלץ מיט פלוידערן גע׳פּטר׳ט,
אביסעלע שטעכענדיג איז זייער בליק,
װאָס זאָגט אַן א זים אָבער טויטענדיג גליק.

האָבען אַמוזירט מיט מאַי־טאַנץ און מאַי־שפּיעל,
דערצעהלט מיר הויף־געשיכטען, צום ביישפּיעל
די סקאַנדאַלעזע בראַניקאַ
פון קעניגין טיטאַניאַ.

זיץ איך ביים טייך מיר, טויכען און שפּרינגען
אַרויס פון װאַסער און שפּיעלען און זינגען
מיט זילבערנעם שלייער אַרום זיי׳רע קעפּ
די ניקסען, באַקכאַנטען, צולאַזען די צעפּ.

זיי שפּיעלען די ציטער, זיי שפּיעלען אויף פּיעדעל
און טאַנצען און זינגען דערצו זיך א ליעדעל;
די פּאָזען זיי׳רע און די מעלאָדיע —
שגעון אין קלאַנג, אינ׳ם שפּרונג, אינ׳ם פליה.

עס פלעגט אבער צייטענווייז אויכעט פּאַסירען,
די עלפען, זיי זאָלען זיך רוהיג אויפיהרען;
צו מיינע פיס פלעגען זיי זיך אויסציהען,
די קעפּלעך אַנגעלעהנט אויף מיינע קניען.

געטרילערט האָבען זיי וועלשע ראָמאַנצען,
צום ביישפּיעל, דאָס ליעד פון די דריי מאַראַנצען,
און האָבען געזונגען א לויב־געדיכט,
פאַר מיר און מיין נאָבעלען מענשען־געזיכט.

זיי אונטערברעכען דאָס זינגען דורך לאַכען
און פרעגען מיך דעמאָלט גאַנץ שרעקליכע זאַכען,
צום ביישפּיעל: „אָה, זאָג מיר, צו וואָס דען האָט
דעם מענשען באַשאַפען דער ליעבער גאָט?

„האָט אַן אונשטערבליכע זעעלע א יעדער
פון אייך! און זאָג, איז די זעעלע פון לעדער
אָדער פון שטייפער ליינוואַנד, ווארום
זענען די מענשען צום מעהרסט אזוי דום?“

אָס איך האָב געענטפערט זיי, דאָס דערצעהל
איך ניט, נאָר מיין אונשטערבליכע זעעל
האָט זיך ניט באַליידיגט און ניט געשווידערט,
וואָס ס'האָט א ניקסעלע אַנגעפלוידערט.

פול חן און שפּאַס זענען ניקסען און עלפען,
ניט אזוי די וואַלד־גייסטער. זיי דיענען און העלפען
געטריי דעם מענש. אבער ליעבער, שענער
זענען פאַר מיר די וויכטעלמענער.

זיי האָבען געמליך ענטען־פּים,
מע ווייס עס — דענקען זיי — געוויס.
דאָס איז אַ וואונד, וואָס איז טיעף אין זיי׳ר ברוסט.
דערפון צו לאַכען — האָב איך ניט קיין לוסט.

אַה, הימעל, מיר זענען דאָך אויך ווי זיי
און מיר באַהאַלטען וואָס טוט אונז וועה;
קיין מענש — דאָס דענקען מיר — ענטדעקט,
וואו אונזער ענטע־פּיסעל שטעקט.

כ׳האָב ניט געהאַט עסקים מיט קיין סאַלאַמאַנדרע,
וועניג האָב איך זיך דערוואוסט פון אַנד׳רע
וואַלדגייסטער וואָס זיי טאָן. כ׳האָב ביינאַכט זיי געטראָפען,
ווי לויכטענדע שאָטענס זיי זענען אַנטלאָפען.

דאַר ווי שפּענדלעך, פון קינדישער לענג,
די הויזקעס און רעקלעך זיי ליגען ענג,
גאָלדגעשטיקט און מיט שאַרלאַך געפאַרבט,
דאָס פּנים געל, ווי איינער וואָס שטאַרבט.

אַ גאָלדענע קרוין מיט רובינען באַזעצט
אַ יעדער פון זיי אויף זיין קעפּעלע זעצט,
און ס׳רעדט זיך אַ יעדער פון זיי זיך איין,
ווי ר׳וואָלט אַן אַבסאָלוטער קעניג זיין.

זיי קענען אין פייער זיך ניט פאַרברענען —
דאָס איז אַ קונץ — וואָס נאָר וועניגע קענען.
דאָך קען זיך דער גייסט, וואָס פאַרברענט ניט אין פייער,
רופען דערפאַר זיך אַ גייסט שוין פון פייער?!

צו די אלרוינען די חכמה געהערט,
קורצפיסיגע מענשלעך מיט לענגליכע בערד,
א זקנים געשלעכט ווי א פינגערהוט,
פון וואנען זיי קומען, זיי ווייסען ניט גוט.

ווען ביי דער לבנה זיי מאכען די פורצלען,
דערמאָנט עס זעהר שטארק אן פיסע־וואורצלען;
דאָך, ווייל זיי האָבען נאר גוטס מיר געטאָן,
נעהמ מיך די אבשטאמונג זיי׳רע ניט אן.

זיי האָבען געלערנט בישוף־מאכערייען,
פייער באשפרעכען, פויגלעך באשרייען
און רייסען אין דער יאהאנים־נאכט
א קרייטאכץ וואָס אונזיכטבאר מאכט.

זיי האָבען געלערנט מיך שטערענס ערקלעהרען,
אהן זאָטעל זיך לאָזען אין וויכער, אין שווערען,
און זונען־שפּרוכען, וואָס רופען ארויס
די טויטע פון זייער טויטען־הויז.

זיי האָבען מיך אויסגעלערענט דעם פייף
וואָס כאפּט דעם שפעכט־פויגעל שטאָלץ און שטייף;
כדי דעם שפרינג־וואָרצעל פון איהם געווינען,
וואָס ווייזט וואו מען קען אן אוצר געפינען.

די ווערטער, וואָס ביי דעם אוצרות־גראָבען
מען מורמעלט, זיי האָבען געלערנט מיך און האָבען
מיר אלעם ערקלעהרט — אומזיסט זייער גונסט,
כ׳האָב קיינמאָל פארשטאנען די שאַץ־גרעבער קונסט.

כ'האב ווייניג געדאַרפט די אמאַליגע יאָהרען,
און וואָס כ'האָב געדאַרפט איז באצאָהלט גלייך געוואָרען;
כ'האָב אין שפּאַניען געהאַט אפט א שלאָס אין דער לופט,
געצויגען פון איהם וואָס „הכנסה"מען רופט.

אה, שענע צייט! ווען פול העכסטען גלאַנץ
געוועזן איז דער הימעל; און עלפען־טאַנץ,
און ניקסען־טאַנץ און גייסטער־שפּיעל
האָב'ן פאַר'שיכור'ט מיין האַרץ מיט מעשיות פיעל.

אה, שעהנע צייט, ווען זיך האָבען געצויגען
די בוימער פון וואַלד אין טריאומפיגען בויגען
אריבער מיין קאָפּ, און איך בין דורכגעגאַנגען
באַקראַנצט, גלייך איך וואָלט פיעלע טויזענד געפאַנגען.

די שענע צייט, יאָ, איך האָב זי פאַרשווענדט,
ס'האָט אַלץ זיך געביטען, ס'איז אַלעס צו ענד,
און אך! מ'האָט פון קאָפּ מיר מיין קראַנץ צוגענומען,
וואָס איך האָב געטראָגען, דעם קראַנץ פון די בלומען.

דעם קראַנץ האָט מען פון מיין קאָפּ צוגענומען,
איך ווייס ניט ווי אזוי ס'איז צו דעם געקומען,
און זינט עס פעהלט מיר דער שענער קראַנץ,
מיין זעלע טויט איז, און מיין לעבען אָהן גלאַנץ.

זיי קוקען מיך אָן אזוי נאַריש און שווער,
דער וועלט'ס פיעלע מאַסקען! דער הימעל איז לעער,
א בלויער בית־עולם אָהן געטער און שטום
און איך געה געבויגען אין וואַלד דאָרט אַרום.

פארשוואונדען זענען די עלפען אין וואלד,
עס בילען די הינד און דאס יאגד־הארן שאלט;
אין געדיכטען וואלד האט דער הירש זיך פארשטעקט,
און דארט זיינע וואונדען און טרעהרען לעקט.

וואו זענען איצט די אלרוינען? זיי האלטען
אין אנגסט זיך פארבארגען אין פעלזען־שפאלטען,
איהר קליינע פריינד מיינע, איך קום צוריק
איך בין אהן דעם קראנץ און אהן מיין גליק.

וואו איז די פעע מיט די גאלד־לאקען שען,
די ערשטע וואס איז מיר א פריינדין געוועו?
דער דעמבע בוים, וואו זי האט געהויזט,
שטעהט רוהיג אין ווינד און אהן בלעטער, אנטבלויזט.

דער טייך רוישט אהן טרויסט אזוי ווי דער סטיקס.
ביים איינזאמען ברעג זיצט א ווייבליכער ניקס
טויט־בלאס און שטום ווי א בילד פון שטיין
זעהט אוים טיעף אין טרוימען פארזונקען צו זיין.

איך טרעט צו איהר, רעד מיט רחמנות־טאן,
עס כאפט איהר א שרעק, ווי זי קוקט מיך אן,
און זי אנטלויפט מיט א שרעק, א שטומען,
גלייך ס'וואלט א שד צו איהר געקומען.

## די ענגעל.

(אין א בוך).

ב'בין א גרויסער אפיקורס,
און אין הימעל גלויב איך ניט,
כ'גלויב ניט אין דער קירכע'ס תורות
און אין משה'ס — גאט באהיט!

אין מלאכים העל און העלער
גלויב איך, כאָטש איך בין ניט פרום,
ליכטבאַשעפעניש, אָהן פעהלער
װאַנדלען אויף דער ערד אַרום.

נאַר, גענער'גע פרוי, די פליגעל
זאָג איך יעדען װעזען אָפּ.
ענגעל האָבען ניט קײן פליגעל
װי אַלײן געזעהן איך האָב.

ליעבליך מיט די הענט די קלאָרע,
ליעבליך מיט דעם שענעם בליק
שיצען זײ פון יעדער צרה
און זײ ברענגען אונז פיעל גליק.

זײער ליעבע און גענאַדען
טרײסטען יעדען, דאָך צו מײסט,
דעם, װאָס איז מיט צער באַלאַדען
מעהר פון אונז, און דיכטער הײסט.

## גרעפין גודעל פון גודעלפעלד.

א, גרעפין גודעל פאָן גודעלפעלד
דיך שעצט די מענשהײט, דען דו האָסט געלד.
עס איז דיר יעדער אונטערטעניג,
דו װערסט געלאַדען אין הויף, צום קעניג.
דו פליהסט אין דײן קאַרעט בליץ־שנעל,
צום שלאָס װאו לאָמפּען ברענען העל.
עס רוישט דײן זײדען־לאַנגע שלעפּ
אַרויף אויף בלאַנקע מאַרמאָר־טרעפּ.
דאָרט אויבען אין בונטע רײהען
עס שטעהען די דינער און שרײען:
**Madam la Comtesse de Gudelfeld!**

שטאָלץ, אין דיין גלאַנץ און שימער,
וואנדעלסטו פון צימער אין צימער,
באלאַדען מיט גאָלד און בריליאַנטען,
מיט פערל און בריסעלער קאנטען.
דיין ווייסע האלב אָפענע ברוסט
זי הויבט זיך און קוועלט פאר לוסט,
און יעדער אויף דיר נאָר פארקוקט זיך,
און יעדער דיר שמייכעלט און בוקט זיך.
די הערצאָגין פון פּאוויא
זי רופט דיך **Cara Mia**
די יונקער און די אָפיציערען
זיי טאַנצען מיט דיר גערן
און דער וויציגער קרוין־פּרינץ, ער פרעהט זיך
באוואונדערט: ווי הערליך זי דרעהט זיך
און קעהרט זיך — מאַדאַם גודעלפּעלד.

דאָך אָרימסטע, ווען דו האָסט ניט קיין געלד,
באווייזט דיר דעם רוקען די וועלט.
עס וועלען די לאַקאיען
גלייך אויף דיין שלעפּע שפּייען,
אנשטאָט שמייכלען און בוקען
וועט אויף דיר קיינער ניט קוקען.
די **Cara Mia** זי קרייצט זיך
און דער קרוינפּרינץ זאָגט און שנייצט זיך:
עס שמעקט קנאָבעל פון דער גודעלפעלד.

## ווינטער.

אין דרויסען מעג וועהען און שנייען —
דאָס אַרט ניט די מענשענקינדער,
זיי יאָגען זיך אַלע און געהען
און לויפען געשווינד און געשווינדער.

כ׳האָב פיינט דעם ווינטער דעם שלעכטען.
די נעזער ווערען פארפרוירען,
און די קלאַוויר־קאָנצערטען
צורייסען אונז די אויערען.

פיעל בעסער איז מיר אין זומער,
דאַן קען איך אין וואַלד זיך גוט פיהלען,
אַליין מיט מיין זאָרג און קומער
און ליעבע ליעדער שפּיעלען.

## אַן אַלט קאַמינשטיק.

דרויסען ציהען ווייסע פעדעם
דורך דער נאַכט, דער ווינד ניט רוהט,
דאָ אין שטיבעל — א גן עדן,
וואַרעם, איינזאַם שטיל און גוט.

כ׳זיץ פארטיעפט מיר אויף דעם זעסעל
ביי דעם קנאַקענדען קאַמין;
קאָכיג זומט דער וואַסער־קעסעל
לאַנג פארקלונג׳נע מעלאָדיען.

און א קעצעל זיצט דערנעבען
וואַר׳מט די לאַפּקעס ביי דער גלוט,
און די פלאַמען שוועבען, וועבען;
וואונדערליך ווערט מיר צו מוט.

טונקעל שטייגט און קומט ארונטער
מאַנכע לאַנג פארגעס׳נע צייט,
ווי מיט מאַסקען בונט און בונטער
און פארבלאַסטע הערליכקייט.

שענע פרוי'ן מיט קלוגע מינען
ווינקען זיס געהיימניספול,
און צווישען זיי די קלאַנגען,
שפּרינגען, לאַכען לוסטיג, דול.

וויַיטער גריסען מאַרמאַרגעטער,
נעבען זיי פאַרטרוימטע שטעה'ן
מערכען־בלומען, וועמעס בלעטער
וועהען אין לבנה־שיין.

וואַקלענד שווימט פון אַלטע צייטען
מיר אַ צויבערשלאָס פאַרביי,
הינטער איהם די ריטער רייטען
אויף די פערד די פלינקע פריי.

און דאָס אַלעס ציהט פאַריבער
שאַטענהאַסטיג, איַילִיג, וויַיט —
אַך — דאָ קאָכט דער קעסעל איבער
און דאָס נאַסע קעצעל שרייט.

## בענקשאַפט

זעהסט אין חלום אין דעם שטילען
בלומען הויבען זיך אין לופטען,
און דיין האַרץ מיט ליעבע־דופטען
און מיט בענקשאַפט זיי דערפילען.

דאָך פון דיזע בלומען טיילט דיך
אַב אַן אַבגרונד טיעף פול מורא,
און ס'באַפאַלט אַ מרה־שחורה
און עס בלוטעט און עס קוועלט דיך.

ווי זיי לאַקען, ווי זיי פאַנגען —
ווי וואָלט איך אהין אריבער!
מייסטער, האמערמאַן, מיין ליעבער
קענסט מיר ניט די בריק דערלאַנגען?

## קאַצעניאַמער.

אַט די גרויסע כמאַרע היינט
שטאַמט פון ים פול גליק און פריידען
און דערפאַר מוז היינט איך ליידען,
ווייל ס'האָט נעכטען מיר געשיינט.

ס'האָט אין ווערמוט זיך פארקעהרט
זיסער, נעכטיגער געטראַנק.
קאַצעניאַמער! עלענד, קראַנק
בין איך איצטער אויף דער ערד.

## איצט וואוהין?

איצט וואוהין? דער דומער פוס
וויל מיך שטאַרק נאָך דייטשלאַנד טראָגען;
דאָך עס שאָקעלט קלוג דער קאָפּ,
ווי מיין שכל וואָלט מיר זאָגען:

„אמת, ס'איז דער קריג שוין אויס,
דאָך, איז קריגס־געריכט געבליבען,
און עס קומט דיר שיסען גאָר
פאַר א סך, וואָס ד'האסט געשריבען."

איך בין מודה, ס'ווילט זיך ניט,
מ'זאָל מיך צו דעם טויט־פּלאַץ פיהרען;
כ'בין קיין העלד ניט און מיר פעהלט
ווי א העלד זשעסטיקולירען.

נאָך בריטאַניען וואָלט איך לוסט
גאָר געהאַט זיך דורכצופאָהרען,
גאָר דער רויך און זעלבסט דאָס פאָלק
קענען מיר דערגעהן די יאָהרען...

מאַנכמאָל קומט מיר אויפ'ן זין
נאָך אמעריקע צו זעגלען,
נאָך דעם גרויסען פרייהייטסשטאָט
מיט די גרויסע פרייהייטסרעגלען...

דאָך עס שרעקט מיך אָפּ א לאַנד,
וואו די מענשען טאַבאַק קייען,
וואו זיי „קעגלען" אָהן א קעניג,
וואו זיי אָהן א שפּייטאָפּ שפּייען.

רוסלאַנד, אָט די שענע לאַנד,
וואָלט געמאַכט מיך פיעל געזינטער;
דאָך פאַרטראָגען וועל איך ניט
ווי די קנוט זי קנאַלט אין ווינטער.

טרויריג קוק איך אין דער הויך,
וואו פיעל טויזענד שטערען גלאַנצען,
אָבער יענעם שטערען, מיינעם,
קען איך גאָר ניט זעהן אין גאַנצען.

האָט אין גאָלד'נעם לאַבירינט,
אין דעם הימעל אין דעם גרויסען,
זיך פאַרבלאָנדזשעט, פּונקט ווי איך
בין אויף דר'ערד פאַראירט, פאַרשטויסען.

## וואנדער!

ווען דיך א פרוי פאראטען האט —
פארליעב זיך אין איין אנד'רע;
נאך בעסער איז, פארלאז די שטאדט,
און נעהם דעם שטאק און וואנד'רע!

דו וועסט א בלויען טייך דערזעהן
ארום די טרויער־ווייידען;
דא וועסטו אויסוויינען דיין וועה
און דיינע ענגע ליידען.

און ווען דו גרייכסט דעם שטילען בארג,
וועסטו זיך גלייך באפרייען;
דאך ווען דו האסט זיין שפיץ דערגרייכט,
דאן הערסטו אדלער שרייזי

דארט ווערסטו כמעט אן אדלער אליין,
דו ביזט ווי ניי געבארען;
דו פיהלסט זיך פריי, דו זעהסט ווי קליין
איז דאם וואס האסט אונטען פארלארען...

## אן אלט ליעד.

דו ביזט געשטארבען און ווייסט נישט אליין,
פארלאשען איז דיין אויגענשיין.
דיין רויטער מיילכעל איז בלייך אצינד,
און דו ביזט טויט, מיין טויטעס קינד.

אין גאר א סומנער זומער־נאכט
האב איך דיך אליין צו קבורה געבראכט.
קלאג־ליעדער האבען די פויגעל נעקלאגט,
די שטערען האבען נאכ'ן ארון געיאגט.

דער צוג, וואָס איז דעם וואַלד פאַרביי,
האָט ווידערהאַלט די קלאַנג אויף דאָס ניי.
די טאַנען, פאַרוויקעלט אין טרויער־קיטלען
האָבען געמורמעלט פאַר טויטע — קאַפּיטלען.

און ווען מיר זענען דעם טייך פאַרביי,
האָבען די אָפּען געטאַנצט אין דער רייה;
זיי זענען פּלוצלונג שטעהן געבליבען
און אָנגעקוקט אונז מיט אן אויסדרוק א טריבען.

און ווי מיר זענען געקומען צו דיין קבר צו געהן,
איז פון הימעל אראָב די לבנה אליין —
געהאַלטען א רעדע מיט טרערען דורכדרונגען,
און אין דער ווייט האָבען די גלעקער געקלונגען.

## ליעבע און ליעדער.

ליעבע זאָגט צום גאָט פון ליעדער,
אז זי פאָדערט ערבות רעכטע,
איידער נאָך זי גיט זיך אונטער,
דען די צייטען זענען שלעכטע.

לאַכענד האָט דער גאָט געענטפערט:
יא, די צייט איז גאָר סכנות,
און דו רעדסט ווי א פּראָצענטער,
וואָס ער לייהט נאָר אויף משכנות.

אַך, איך האָב דאָך בלויז איין לירע,
דאָך זי איז פון גאָלד פון איינע;
וויפיעל קושען ווילסטו באַרגען
אויף דער לירע — זאָג, מיין שעגע...

## די אַלטע רויז.

ווי א רויז־קנאָספּ איז געווען
זי, פּאר וועלכער איך פלעג גליהען;
אויסגעוואקסען איז זי שעהן,
אויפגעוואכט אין פולען בליהען.

שענסטע רויז, באריהמט אין לאנד,
כ'האב געוואָלט, זאָל מיינע בלייבען;
דאָך געקענט האָט זי פּיקאנט
מיט די דערנער מיך פארטרייבען.

ביז זי האָט פארוועלקט צולעצט
און פארשטאַרט פון ווינד און רעגען;
„ליעבער היינריך" — בין איך יעצט,
און זי קומט פארליעבט ענטקעגען.

„היינריך, היינריך!" קלינגט איהר קול
ווי א זיסע, ליעבע שירה,
שטעכט א דאָרן אויף אַמאָל,
איז עס אויף די באקען איהרע.

צופיעל האַרט די האָר אצינד
אויף די בעקלעך — נישט צו ריהרען...
געה אין קלויסטער, ליעבעס קינד,
אָדער לאָז זיך אַבראַזירען...

# לאַזאַרוס.

## 1.

### וועלטלויף.

איז דיין פארמעגען גרויס,
מיין ליעבער, רייכער הער,
וועט ווערען שוין ביי דיר
דאָס געלד אַלץ מעהר און מעהר.

איז דיין פארמעגען קליין
פארהאסטער, ארימאַן
פארליערען וועסטו אויך,
וואָס ס'איז ביי דיר פארהאַן.

און האָסטו גאָרנישט, לומפּ,
דאַן מעגסטו זיך באגראָבען:
צו לעבען האָבען רעכט
נאָר די, וואָס עפּיס האָבען.

## 2.

### צוריקבליק.

איך האָב אַלע ריחות געשמעקט און געהערט
פון דער ליעבער קיך אויף אונזער ערד.
וואָס נאָר מען קען געניסען אויף דער וועלט,
דאָס האָב איך גענאָסען אזוי ווי א העלד.

האָב קאַפּע געטרונקען, האָב קוכען געגעסען,
און האָב מאַנכע שענע פּופּע באַזעסען.
געטראָגען די פיינסטע וועש און פראַק
און געלד האָט אויך געקלונגען אין זאַק.
געזעסען אַמאָל אויף אַ פערד בין איך הויך,
אַ הויז געהאַט, אַ פּאַלאַץ אויך.
בין געלעגען אויפ׳ן גרינעם פעלד פון גליק.
די זון האָט באַגריסט מיך מיט דעם גאָלדיגסטען בליק;
אַ לאָרבער קראַנץ האָט מיין שטערן געציערט,
און דופטיגע טרוימען אין מוח געשפּירט,
טרוימען פון רויזען און אייביגען מאַי —
איך האָב אַזוי גוט מיך געפיהלט דערביי.
אַזוי דעמערליך־מיעד, אַזוי שטערבליך פויל,
געבראָטענע טויבען — געפלויגען אין מויל.
עס זענען מלאכים פאַרביי מיר געפלויגען,
פון זייערע טאַשען פלעשער וויין געצויגען.
דאָס זענען געוועזען חלומות — פאַרשוואונדען,
יעצט ליעג איך צו מיין בעטעל געבונדען;
די גליעדער זענען מיר רעוומאַטיש געלעהמט,
און מיין נשמה איז טיעף פאַרשעמט.
אַך, יעדע לוסט, יעדען גענוס
האָב איך געקויפט דורך שווערען פאַרדרוס.
בין געוואָרען אָנגעטרונקען מיט ביטערניסען
און גרויזאַם פון די וואַנצען געביסען.
כ׳האָב געמוזט באָרגען, געמוזט פאַלש שווערען
ביי רייכע הולטאַיעס, און אַלטע קאַוואַליערען.
איצט בין איך מיד פון וואַלטען און שאַלטען
איצט וועל איך מיך שטיל אין קבר באַהאַלטען.
לעבט וואויל! דאָרט אויבען, איהר טייערע ברידער.
יאָ, דאָס פאַרשטעהט זיך, דאָרט זעהן מיר זיך ווידער.

3.

## תחית המתים.

טראָמפּייטען־דוף פילט אַן די לופט
און פורכטבאר שאַלט עס ווידער ;
די טויטע געהען פון קברים — מען רופט —
און קנאַקען זיך אוים די גליעדער.

וואָס האָט נאָך פים, דאָס יאָגט זיך פאָרט —
עס ציהען די ווייסע געשטאַלטען
נאָך עמק יהושפט, דעם זאַמעלאָרט,
דאָרט ווערט דער געריכט געהאַלטען.

געהיים־ריכטער איז ישוע דאָרט,
די תלמידים זיינע — דיינים ;
געצעהלט און קלוג איז יעדער וואָרט
און זענען ניט נושא פנים.

זיי משפט'ן ניט מיט פארשטעלטען געזיכט —
די מאַסקע לאָזט יעדערער פאַלען,
אין ליכטיגען טאָג פון גרויסען געריכט,
ווען די טראָמפּייטען שאַלען.

דאָס קומט פאָר אין יהושפט'ס טאָל,
דאָרט שטעהען די מחנות געלאָדען
און ווייל די צאָהל פון די זינדער איז גרוים,
ווערט שנעל עס געמאַכט, אָהן פּאַראַדען.

דעם באָק צו דער לינק, די שאָף צו דער רעכט
געשיעדען ווערט גלייך זי פון יענעם ;
דער הימעל — דעם שעפּעלע, פרום און גערעכט —
דעם מאוסען בעקעל — דער גיהנום...

4.

## שטאַרבענדע.

פליהסט ארויס נאָך זון און גליק, —
נאקעט, אָרעם קומסט צוריק:
דייטשע טרייהייט, דייטשע העמד,
זיי פארשפּיעלט מען אין דער פרעמד.

ווי דער טויט בלאַס זעהסטו אויס,
דאָך ניט זאָרג — דו ביזט צו הויז;
ווארעם און גאָר אונגעשטערט,
ליגט מען אין דער דייטשער ערד.

מאנכער, לײדער, איז געוואָרען
לאָם און קען אהיים נישט פאָהרען;
שטרעקט די הענד אויס מיט פארלאַנגען,
גאָט זאָל איהם א הילף דערלאַנגען...

5.

## צו אַ פּאָליטישען דיכטער.

דו זינגסט ווי טירטעאוס אמאָל
פון העלדענמוט געטריבען;
דו האָסט בלויז שלעכט דיין פּובליקום
און אויף די צייט געקליבען.

דו האָסט ביי זיי זאָגאר ערפאָלג,
זיי לויבען דיך באגייסטערט:
ווי הויך און עדעל דיין געדאנק,
ווי שען דיין ליעד באמייסטערט.

זיי פּלעגען אויך ביים גלעזעל ווייַן
מיט בראווּעס דיר פּאַרקלינגען,
און גאָר אַמאָל אַ קאַמפּס־ליעד אויך
פון דיר אין שענק נאָכזינגען.

דער קנעכט האָט ליעב אַ פרייהייטס־ליעד
אין שענק — אַ שטאַרק צופּלאַמטער;
דאָס פאָדערט די פאַרדייאונגס־קראַפט,
דער טרונק איז אויך באַ'טעם'טער...

## 6.
## די רייכע לייט.

די רייכע לייט, זיי קען מען בלויז
מיט פלאכע שמייכלעריי באַקעהרען;
דאָס געלד איז פלאַך, מיין קינד, הער אויס,
און וויל אויך פלאַך געשמייכעלט ווערען.

דאָס פּעסעל וויהרויך וואַרף און הויב
פאַר יעדען געטליך גאָלדנעם קאַלב,
און פאַל אין בלאָטע, פאַל אין שטויב,
נאָר חנפ'ע גאַנץ, ניט ריהם אויף האַלב.

דאָס ברויט איז טייער היינטיגס יאָהר,
דאָס וואָרט — אומזיסט. דער מעצענאַט
פאַרלאַנגט דיין וואָרט. באַזינג זשע גאָר
זיין הונד און פרעס דיך אָן ביז זאַט...

## 7.
## ערֿאינערונג.

ווער ס'האָט די פּערל, ווער דאָס קעסטעל באַקומען,
אַ, ווילהעלם וויסעצקי, ביזט פריה אומגעקומען,
דאָך די קאַץ, דאָך די קאַץ איז געראַטעט!

דאס ברעט איז צובראכען, וואו ער איז געשוואומען,
דא איז ער אין וואסער גלייך אומגעקומען,
דאך די קאץ, דאך די קאץ איז גערעטעט!

דעם ארון, דעם ליעבען באגלייט אלע האבען,
זיי האבען איהם אונטער מאי־בלומען באגראבען,
דאך די קאץ, דאך די קאץ איז גערעטעט!

ביזט קלוג געוועזען און האסט זיך בעהאלטען,
געפונען אן אבדאך פון שטורעם פון קאלטען,
דאך די קאץ, דאך די קאץ איז גערעטעט!

ביזט יונג אנטלאפען, ביזט קלוג געוועזען,
און איידער פארקיהלט זיך, ביזטו שוין גענעזען,
דאך די קאץ, דאך די קאץ איז גערעטעט!

עס זענען שוין יאהרען פיעל לאנגע אריבער,
מיט וועהמוט, מיט קנאה, דערמאהן איך דיך, ליעבער;
דאך די קאץ, דאך די קאץ איז גערעטעט!

8.

## פרומע ווארנונג.

אונשטערבליכע זעעלע, נעם דיך אין אכט,
אז דו וועסט קיין שאדען ניט ליידען
ווען דו וועסט מיט דער ערד זיך צושיידען —
עס געהט דער וועג דורך טויט און נאכט.

ביים גאלדענעם טויער פון הויפטשטאדט פון ליכט,
דארט שטעהען פון גאט די סאלדאטען,
זיי פרעגען נאך מעשים און טהאטען,
אויף ראנג און אויף נאמען פרעגט ניט דאס געריכט.

אין פאַרהויז לאָזט איבער דער וואַנדערער צוריק
די דריקענדע שטיוועל און שטויביג,
אריין! דאָ געפינסטו רוהע אויף אייביג,
און ווייכע פאַנטאָפּעל און שענע מוזיק.

9.

## דער אָבגעקיהלטער.

נאָך איינמאָל, ביז מיין ליכט לעשט אוים
און איידער כ׳געה פון דאַנען ארוים
נאָך איינמאָל, ביז איך געה נישט ווערען
וואָלט איך געוואָלט געליעבט נאָך ווערען.

און נאָר א בלאָנדע מוז זי זיין,
מיט אויגען זאַנפט, ווי לבנה־שיין.
דען שלעכט איז מיר געקומען אַם ענדע
פון די ברונעטע זונפאַרברענטע.

דאָס יונגע פאָלק פון לעבענסקראַפט
האָט ליעב דעם שטורם פון ליידענשאַפט,
מען מוז זיי דריקען, האַלזען, שווערען
און ס׳מוז די זעעל פאַרמאַטערט ווערען.

ניט יונג און ניט מעהר גאַנץ געזונד
ווי איך בין איצט אין דיזער שטונד,
וואָלט איך נאָך איינמאָל ליעבען וואַרעם
.און גליקליך זיין, דאָך אָהן א ליאַרעם.

10.

## די קלוגע שטערען.

די בלומען דערגרייכט דער פוס אזוי לייכט
און ס׳ווערען צוטראָגען די מייסטע:
מען געהט פאַרביי זיי — צוטראָטען אויף צוויי,
די שוואַכע אזוי ווי די דרייסטע.

פון פערל דער שטאם — דער תהום פונ'ם ים;
מען קען פארט דערגעהן זיי'רע שפורען;
מען בויערט זיי דאך, מען שפאנט זיי אין יאך,
אין יאך פון די זיידענע שנורען.

די שטערען דארט ווייט, זיי זענען געשייט —
גאר הויך פון דער ערד, וואס איז שטויביג;
אין הימעל'ס געצעלט, אלס ליכט פון דער וועלט
זיי שטעהען דארט זיכער און אייביג.

11.

## שלמה.

פארשטומט זענען פויקען, טראמפייטען און פלייטען
ביי שלמה'ס געלעגער די וואך זיי האלטען,
מיט שווערדען באגארטעלט מלאכים־געשטאלטען,
זעקס טויזענד ביי איין זייט, זעקס טויזענד ביים צווייטען.

זיי שיצען דעם קעניג פון טרוימענדע ליידען,
און ווי ער ציהט פינסטער די ברעמען צוזאמען,
דא ציהען זיך גלייך אלע שטאלענע פלאמען —
צוועלף טויזענד שווערדען ארויס פון די שיידען.

דאך פאלען די שווערדען צוריק אין די שיידען,
פון זיינע מלאכים — עס שווינדען די שרעקען,
די ברעמען פון שלעפער זיי גלעטען זיך, וועקען
און שטיל זיינע ליפען זיי מורמלען און ריידען:

„א, שולמית, די מלוכה — מיין ארבען,
פיעל לענדער זענען מיר אונטערטעניג,
כ'בין איבער יהודא און ישראל קעניג —
דאך ליעבסטו מיך ניט — פארוועלק איך ביז שטארבען."

12.

## גערעכניש-פייער.

ניט קיין מעסע וועט מען זינגען,
ניט קיין קדיש וועט מען זאָגען,
ניט געזאָגט און ניט געזונגען
נאָכדעם, ווען מיין שעה וועט שלאָגען.

אפשר אין א טאָג אזעלכען,
ווען די לופט וועט זיין א מילדע
וועט אויף מאנטמארט געהן שפאצירען
מיט פאולינע פרוי מאטילדע.

מיט דעם קראַנץ פון אימאָרטעלען,
קומט זי אויף מיין גרוב זיך בויגען,
און זי זיפצט דאן **Pauvre Homm !**
פייכטער טרויער אין די אויגען.

ליידער וואוין איך זעהר הויך,
און עס איז מיר גאָר אונמעגליך
איך זאָל איהר א שטוהל אָנבאָטען,
און זי פיהלט זיך מיד און קלעגליך.

**זיסע, דיקע קינד, דו דארפסט**
ניט צו פוס אהיים זיך קעהרען,
דו וועסט זעהן די דראָזשקעס שטעהען
דאָרטען ביי די באריערען...

13.

## פרוי זאָרג.

אין מײנע טעג פון זון און גלאַנץ
געדרעהט האָט זיך לוסטיג דער מיקענטאַנץ.
די ליעבע פרײנד — גאַר אונגעצעהלט —
זײ האָבען זיך מיט מיר געטײלט
מיט בראַטען פון מײן טעלער
און מיט מײן לעצטען העלער.

דאָס גליק איז אויס, דער בײטעל לעער,
און האָב שוין אויך קײן פרײנד ניט מעהר,
פאַרלאָשען איז דער זונענגלאַנץ,
פאַרשוואונדען איז דער מיקענטאַנץ,
די פרײנד, גלײך ווי די מיקען,
פאַרשווינדען מיט די גליקען.

איצט בײ מײן בעט אין ווינטערנאַכט
אלס וועכטערין די זאָרג זי וואַכט.
זי טראָגט א װײסע אונטעריאַק,
א שוואַרצע מיץ און שמעקט טאַבאַק.
די פושקע רוישט מיט אימה,
עס גניצט שווער די זקנה.

מיר טרוימט אמאָל: עס קומט צוריק
דער יונגער מאַי, דאָס אלטע גליק,
די פרײנדשאַפט און דער מיקענלאַרעם —
דאָ רוישט די פושקע — גאָט ערבאַרם!
עס פּלאַצט דער זײפענבלאָז,
די זקנה שנײצט די נאָז.

## 14.

## אין אָקטאָבער 1849.

געלעגט האָט זיך דער שטארקער ווינד
און ווידער שטיל ווערט אין דער היים ;
גערמאניען — דאָס גרויסע קינד
שפּיעלט ווידער זיך ביים ווייהנאַכטסבוים.

מיר טרייבען איצט פאמיליענגליק,
וואָס העכער לאָקט — דאָס איז אונז איבעל.
די פרידענשוואלב — זי קומט צוריק
וואָס האָט גענעסט ביים דאך פון שטיבעל.

געמיטליך רוהען פלוס און וואלד
פון זאנפטען לבנה־שיין פארגאָסען,
נאר מאנכמאָל הערט זיך ווי עס קנאלט —
האָט מען פיליכט א פריינד דערשאָסען.

פיליכט מיט וואפען אין דער האנד
האָט מען דעם דולקאָפּ אָנגעטראָפען
(ניט יעדער האָט אזוי פיעל פארשטאנד
ווי פלאקקוס וואָס איז שנעל אנטלאָפען).

עס קנאלט. עס איז א פעסט פיליכט
א פייערווערק צו עהרען געטהע'ן,
די זאַנטאַג, וואָס פון קבר שטייגט
באגריסט דעם ליארם פון ראַקעטען.

אויך ליסט טויכט ווידער אויף, דער פראנץ,
ער לעבט, איז ניט אין בלוט פארגאָסען
אויף א שלאכטפעלד אונגארנלאנדס.
עס האָט קיין רוס איהם ניט דערשאָסען.

געפאלען איז דער פרייהייטס־טאַנץ,
אונגארען קען ניט מעהר אויסהאלטען,
דאָך אונבאשעדיגט איז ליסט פראַנץ
און אויך זיין ביקס — אין שראנק באהאלטען.

ער לעבט דער, פראַנץ, און וועט אלס גרייז
דערצעהלען מעשיות פון די שטרייטען
די אייניקלעך, אין ליעבען קרייז —
„אזוי האָב איך געקעמפט פארצייטען"...

15.

# העלענע.

דו האָסט מיך פון קבר באשוואָרען
מיט דיין באצויבערטען ווילען;
דו האָסט מיך באלעבט מיט דיין פייער,
איצט קענסטו די פלאמען ניט שטילען.

פרעס דיינע ליפען אויף מיינע,
זיס איז דיין אָטעם און געטליך,
כ'טרינק אוים דיין נשמה אין גאנצען —
די טויטע זיי זענען ניט זעטליך.

16.

# בייזע טרוימעריי.

אין טרוים בין איך געוועזען ווידער יונג און מונטער —
איך האָב געזעהן דאָס הויז ארום דאָס גרינע לאנד;
איך בין געלאָפען דאָרט דעם שטעג ארונטער,
געלאָפען מיט אָטטיליען האנד אין האנד.

ווי דאָס פֿאַרשווינדעל פֿיין פֿאַרמיערט, די שענע
ים־גרינע אויגען ווינקען צויבערהאַפֿט.
ווי פּעסט זי שטעהט אויף איהרע פֿיס די קליינע,
א בילד פֿון ציערליכקייט, פֿאַראיינט מיט קראַפֿט.

דער טאָן פֿון שטים איז טריי אזוי און עהרליך,
מען זעהט די זעעלע ביז'ן גרונד ארויס,
און וואָס זי זאָגט איז קלוג אזוי און ערליך,
איהר מיילכעלע איז בליהענד ווי א רויז.

עס איז ניט ליעבעסוועה, וואָס ס'דריקט מיך,
איך ווער ניט דום, איך בלייב ביי מיין פֿאַרשטאַנד,
דאָך וואונדערבאר איהר ווענן היילט און קוויקט מיך
און היימליך שעפּטשע איך און קוש איהר האַנד.

איך, גלויב, דערנאָך האָב איך פֿאַר איהר א ליליע
שטיל אָבגעריסען, און געזאָגט דערצו:
„האָב חתונה מיט מיר און זיי מיין ווייב, אטטיליע,
כדי איך זאָל ריין און גליקליך זיין, ווי דו.“

וואָס זי האָט מיר געענטפֿערט, ווייס איך נימער,
דען איך האָב באַלד ערוואַכט און בין געווען
צוריק א קראַנקער, וואָס האָט אין קראַנקענצימער
שוין מאַנכע יאָהר די שיין ניט אָנגעזעהן.

17.

## זי פֿאַרלעשט זיך.

דער פֿאָרהאַנג פֿאַלט. דאָס שטיק איז אויס,
און הערען און דאַמען געהען צו הויז.
צי איז דאָס שטיק געוועזען געפֿעלען —
כ'האָב געהערט, דאַכט זיך, ריהמען מאַנכע שטעלען.

א הויכגעעהרטער פובליקום
האט דאנקבאר אפלאדירט איהר דיכטער;
איצט אבער איז דאס הויז גאר שטום,
און ס'איז פארשוואונדען לוסט און ליכטער.

דאך הארך! אין ארימער, צוריסענער קלאנג
שרייט אוים ניט ווייט פון לעדיגער ביהנע:
פיעלייכט האט געפלאצט א סטרונע פאר באנג
ביי ערגיץ גאר אן אלטער וויאלינע.
פארדריסליך לויפען ארום אין פארטער
די עטליכע מייז אהין און אהער,
און טוכלער אייל טראגט זיך פון יעדער צעלע;
די לעצטע לאמפ — זי ראנגעלט זיך נאך,
זי פאלט און הויבט זיך, פארלעשט זיך דאך —
דאס ארימע ליכט איז געוועזען מיין זעלע.

18.

## די צואה.

איך מאך איצט מיר מיין טעסטאמענט,
דען באלד קומט אן מיין לעבענס ענד.
עס איז מיר גאר א גרויסער וואונדער,
וואס איך האב געליטען ביז אצונדער.

לואיזע, דו מיין קרוין פון קאפ,
דיר שרייב איך און דיר זאג איך אב
צוועלף אלטע העמדער מיט הונדערט פלייהען
און דריימאלהונדערט טויזענד וויי־הען.

דעם פריינד מיט עצות נאר א סך
און ניט געטאן פאר מיר קיין זאך,
אן עצה לאז איך איהם איצט זעלבער,
דו נעהם א קוה און ברענג אוים קעלבער...

וואס זאל איך מיט מיין גלויבען טאן,
דעם גלויבען אין פאטער, גייסט און זוהן?
דעם קייזער פון כינא, דעם רבי פון פאזען
וועל איך מיין גלויבען איבערלאזען.

דעם דייטשען פרייהייט און גלייכהייטסטרוים,
די זייפענבלאזען פון בעסטען שוים,
זיי לאז איך איבער אויף אייביגע יאהרען
די ליעבע דייטשישע צענזארען.

19.

## פארלארענער פאסטען.

פארלארענער פאסטען אין דעם פרייהייטסקריג,
האלט איך געטריי זייט דרייסיג יאהר אוים;
איך האב געקעמפט אהן האפ'נונג אויף א זיעג,
אהן האפנונג, אז איך קום געזונד צו הויז.

אין יענע נעכט פלעגט אומעט מיך ערגרייפען,
און מורא אויך (בלויז נארען פארכטען ניט;)
אום צו פארטרייבען עס, פלעג איך דאן פייפען
די חוצפה'דיגע גראמען פון מיין שפאטענליעד.
יא, כ'האב געוואכט מיט דעם געוועהר אין ארעם
און האט זיך דערנעהענטערט א פארדעכט'גער וואגאבונד,
האט ניט געהאלפען דאן קיין שום „דערבארעם" —
מייןווארמע קויל האט איהם געמאכט א וואונד.

עס האט ניט זעלטען — כ'לייקען ניט, געטראפען,
אז אויך, דער שעלמע, האט געשאסען גוט...
און יעדע וואונד, וואס איז געוועזען אפען,
האט מיך פארפלייצט, פארגאסען מיט מיין בלוט.

דעם פאַסטען ניט פארלאָזט ! די וואונדען אָפען —
דער אײנער פאַלט, א צװײטער איז געפּעכט,
דאָך פאַל איך אונבאזיעגט און מײנע װאפען
איז ניט צובראָכען, נאָר מײן הארץ צוברעכט.

אָ, לאָז ניט אָהן לעבענס געניס
דיין לעבען פארפליסען,
און אויב דו ביזט זיכער פון שאָס —
דאַן זאָלען זיי שיסען.

און פליהט דיר דאָס גליק פארביי איינמאָל
ביים שפּיץ האָלט איהם שטאַרק,
אויך ראָט איך דיר: בוי דיר דיין הייזעל אין טאָל
און ניט אויפ׳ן באַרג.

## די פּרינצעסין שבת.

אין די אלטע באבע־מעשות
קומען פאר גלגולים פּרינצען,
וואס זיי נעמען אַז צו צייטען
זייער ערשט־געשטאַלט צוריק.

אַט דער וואלקולאק דער מיאוסער
איז צוריק א פּרינץ געוואָרען,
שיינט און לייכט אין בגדי־מלכות,
שפּילט אפילו שוין א ליעבע.

מיט אמאָל די בייזע שעה קומט —
און מיר זעהען פּלוצלינג ווידער
זיינע קעניגליכע האָהייט
אין א וואלקולאק פארוואנדעלט.

פון א פרינץ אזוינעם וועל איך
זינגען יעצט — ישראל הייסט ער.
איהם האט דא א מכשפה
אין א הונט שוין לאנג פארוואנדעלט.

הונט מיט הינטישע געדאנקען,
אויסגעוואלגערט אלע מיסטען,
שלעפט ער זיך ארום א גאנצע
וואך, צום שפאט פון גאסען־יונגען.

אבער יעדען פרייטאג אווענט
בין־השמשות, טרעפט א וואונדער:
פלוצלונג פאלט פון איהם דער כשוף,
אוים הונט — ווידער מענש געווארען.

מענש מיט מענשליכע געפיהלען,
ריין געצירט אין בגדי־כבוד,
הויך זיין קאפ, און הארץ דערהויבען,
טרעט ער איין אין פאטער׳ס פאלאץ.

„זיי געגריסט, געליעבטער פאלאץ
פון מיין קעניגליכען פאטער!
יעקב׳ס צעלטען! ציטריג קוש איך
איי׳רע אלטע הייליגע טירען".

דורך גאטס־הויז שוועבט דורך א ציטער.
שטיל באוועגען זיך די ליפען.
שא! די קעניגין די שכינה,
בענשט, פארמאכט די אויגען, ליכט —

גאָלדנע ליכט פון טרייסט און קדושה !
אויף דעם ווענטעל פון דעם עמוד
גלענצט איהר, ווי א שטערענטיכעל
אויף דער מאמעס ליעבען שטערען.

פרום און צניעות׳דיג פארהאנגען
מיט דעם זיידענעם פרוכת
אין איהר סאמעטענעם מענטעל
שטעהט די ריינקייט אין ארון.

שטעהט און ווארט... אָט קומט דער חזן
איינגעהילט אין ווייסען טלית
רופט ער אוים דעם זיסען רוף :
„לכה דודי לקראת כלה".

„לכה דודי — קום געליעבטער,
נעם אריין דיין שענע כלה,
זי האָט אבגעדעקט איהר שלייער,
איהר פארשעמט געזיכט אנטפלעקט דיר."

אָט דער שענער שיר־ידידות
איז פארפאסט שוין לאנגע יאָהרען
פון א וועלט באריהמטען זינגער
לכבוד די שענע חתן־כלה.

אין דעם מזמור ווערט באזונגען,
ווי ישראל האָט אויף אייביג
זיך פאר׳קנס׳ט צו מלכה שבת,
וואָס מען רופט „די שטילע פירשטין."

בלום און פערעל אלער שענהייט
איז די מלכה! וואס מיר, ווער מיר
מלכת־שבא אין איהר פארגלייכען
די, וואס איז געפעלען שלמה'ן...

יענע וואוילגעלערנטע קליגט זיך
און פארמאגט א מויל אויף שרייפלאך,
עסט זיך איין מיט איהרע חכמות
און פארדרעהט דעם קאפ מיט חידות.

ניט ווי זי איז פירשטין שבת,
ווי א טויב א שטילע איז זי,
רוהיג ווי די רוה אליין,
ווייס ניט פון קיין איבערשפיצלאך.

ניט גע'חקרה'ט זיך, גע'פלפולט,
ניט גע'בריה'ט זיך געפילדערט,
ניט געשפריצט מיט ווערטער פונקען,
טרייסלענדיג די האר צולאזטע...

פרום פארבארגט די שטילע פירשטין
איהרע צעפ אין ווייסען הייבעל,
בליקט זי זאנפט, ווי די גאזעלע,
בליהט אזוי שלאנק ווי הדסים...

זי ערלויבט איהר ליעבסטען אלעס
אויסער איין זאך — טאבאק רויכען!
„ליעבסטער, רויכען איז פארבאטען,
ווייסט דאך היינט איז שבת־קדש...

„איך וועל דיך דערפאַר באַלוינען
מיט אַ מאכל־טעם גן־עדן.
טשאָלענט הייסט ער — אָט דעם מאכל
האָט אונז גאָט אַליין געגעבן!"

אַ מתּנה פון זיין נאָמען
מיט דעם שבת פון באַרג סיני
דורך די דונערען און בליצען —
טשאָלענט זאָלסטו מיר היינט עסן...

אָבגעגעסן סעודת־שבת,
זיצט דער פּרינץ און שיינט פון תּענוג
מיט פאַרקלעמטע אויגען קוקט ער,
רעדט עפּעס מיט זיך און שמייכעלט:

„הער איך ניט דעם ירדן רוישען?
איז דאָס ניט אַ קלאַנג פון קוואַלען
אין דעם פּאַלמען־טאָל פון בית־אל,
וואו סע הויערן די קעמלען?

„הער איך ניט די הערדען־גלעקלאַך?
איז דאָס ניט אַ קול פון שעפּסען,
וואָס דער פּאַסטוך טרייבט אַראָב צו —
אָבענד צייט פון הרי־גלעד?"

דאָך דער שענער רוה־טאָג שטעהט ניט
ווי מיט שאָטען־פיס מיט לאַנגע
שפּאַנט אַליין נעהענטער די בייזע
שלעכטע שעה. דער פּרינץ פאַרזאָרגט זיך.

קאַלטע מכשפה־פינגער
שפּירט ער קלעמען איהם ביים האַרצען,
און דעם פּרינץ נעמט דורך אַ שווידער:
באַלד אוים מענש, צוריק אַ הונט זיי...

די פּרינצעסין טראָגט איהם אונטער
אין אַ גאָלדען רעהריל בשמים.
לאַנגזאַם שמעקט ער, נאָך איינמאָל כאַטש
מיט דעם זיסען ריח זיך קוויקען.

פון פּרינצעסינס האַנד דעם לעצטען
אבשיד־בעכער אויסגעטרונקען,
שפּריצט ער אויף דעם טיש די לעצטע
טראָפּענס און לעשט אוים דאָס ליכטעל.

# יהודה בן הלוי.

(פראגמענט)

.I

„קלעפּען זאָל מיין צונג אָן גומען,
און מיין רעכטע האנד זאָל דארען,
אויב איך וועל אמאָל פארגעסען
שווער איך דיר, — ירושלים — ".

אַט די ווערטער מיט'ן נגון
זשומען היינט מיר אָהן אנ'אויפהער
אין מיין קאָפּ, מיר דאכט, איך הער אויך
שטימען, וועלכע זינגען תהלים —

און ערשיינען זעה איך אָפטמאָל
שאטענדיגע לאנגע בערד אויך —
טרוימגעשטאלטען, ווער פון אייך איז
רב יהודה בן הלוי?

דאָך זיי שוועבען ראש פאראיבער;
ס'האָבען מורא די געשפּענסטער
פאר דער שפּראך פון די וואס לעבען —
אָבער דאָך האָב איך דערקאָנט איהם —

איך האָב איהם דערקאָנט לויט בלייכען
און געדאנקענשטאָלצען שטערען,
לויט די אויגען זיס, וואָס האָבען
אנגעקוקט מיך שמערצליך, פארשענד —

דאָך נאָך מעהר האָב איך דערקאַנט איהם
נאָך דעם וואונדערבארען שמייכעל
אויף די צווילינג שענע ליפּען,
וואָס מען זעהט נאָר ביי א דיכטער.

יאָהרען קומען און פאַרגעהען,
זייט יהודה בן הלוי
איז געבאָרען, זענען זיעבען
הונדערט פופציג יאָהר פארגאַנגען.

אין קאסטיליענס שטאָדט טאָלעדאָ
איז ער אויף דער וועלט געקומען —
און דער גאָלדענער טייך טאַיאָ
האָט זיין וויעגענליעד געוויעגט איהם.

פאַר דער בילדונג פון זיין גייסט האָט
פריה געזאָרגט זיין שטרענגער פאָטער,
און דעם למוד אָנגעהויבען
מיט גאָט'ס ספר, מיט דער תורה.

און געלייענט מיט דעם אינגעל
האָט ער עס אין אַלטען מקור,
וואָס זיין אויסגעמאָלט און שענע
אַלטע אשור'שע קוואַדראַטשריפט

שטאַמט נאָך פון דער צייט, פון יענער,
ווען די וועלט איז יונג געוועזען,
און דעריבער לייכט עס פריינדליך
יעדען קינד'ס געמיט אנטקעגען.

אַט דעם עכטען, אַלטען מקור
האָט געלייענט אויף דאָס אינגעל
מיט דעם אַלטען מאָדנעם ניגון,
וואָס מיר רופען טראָפּ, דעם ניגון.

און געגאָרגעלט האָט ער ליעבליך
יענע דריידעלדיגע טענער,
און געטרילערט ווי אַ פויגעל
אויף דערצו נאָך דעם שלשלת.

אויף דעם תרגום אונקלוס, וועלכער
איז געשריבען אין דעם פּלאַטען
און פאַרקעהרטען אידיש-לשון,
וואָס מיר רופען עס ארמית,

און וואָס גלייך איז צו דעם לשון
פון נביאים פּונקט ווי גלייך איז
שוואַביש לשון קעגען הויכדייטש. —
דאָס פאַרקעהרטע לשון קודש

האָט געלערענט פריה דאָס אינגעל
און דאָס וויסען האָט איהם נוצען
באַלד געבראַכט, בעת גמרא
האָט ער לערנען אָנגעהויבען.

יאָ, גאַנץ פריה שוין האָט דער פאַטער
איהם אריינגעבראַכט אין תלמוד,
און דאָ האָט זיך איהם געעפענט
די הלכה, אַט די גרויסע

פעכט־שול, וואו מלחמה־שפיעלען
האָבען אָבגעהאלטען גרויסע
שכל'דיגע ראנגלערס פון דער
פומפדיתא און פון בבל.

אלע קונסטשטיק פון דעם פלפול
האָט געלערנט דאָ דאָס אינגעל,
און זיין מייסטערשאפט געוויזען
האָט נאָכדעם זיין ספר כוזרי.

אָבער צווייפאך איז דאָס ליכט וואָס
גיסט פון הימעל זיך ארונטער:
בלענדענד זונענליכט בייטאָג, און
מילדעס ליכט פון דער לבנה.

פונקט אזוי אויך לייכט דער תלמוד
צווייפאך, און ער ווערט געטיילט אין צווייען:
אין הלכה און הגדה.
ערשטע רוף איך אַן א פעכט־שול —

אבער די הגדה וויל איך
רופען מיט דעם נאָמען גאָרטען,
יא, א גארטען הויך פאנטאַסטיש,
וואונדערבאר און גלייך צו יענעם,

גארטען פון דער שמירמית
וועלכער פון דער ערד פון בבל
איז אמאָל ארויסגעשפראָצט אויך,
פון דער וועלט דאָס אכטע וואונדער.

אשור׳ס מלכּה שמירמית,
וועלכע ס׳האָבען אין איהר קינדהייט
פייגעלעך ערצויגען, האָט מאנך
פויגעל־שטייגער אָנגענומען.

זי האָט ניט געוואָלט שפּאַציערען
אויף דער פלאַכער ערד, אַזוי ווי
אַלע בהמות; אין דער לופטען
האָט זי זיך געפלאַנצט א גאָרטען.

הויך געגלענצט אויף ריזענזיילען
האָבען פּאַלמען און ציפּרעסען,
גאָלדאָראַנזשען, בלומענבייטען,
מאַרמאָר־בילדער און פאָנטאַנען.

אַלעם קלוג און פעסט פארבונדען
דורך הענגבריקען, וועלכע האָבען
אויסגעזעהן ווי וויקעל־פלאַנצען, —
פויגלען האָבען זיך געוויעגט דאָרט.

גרויסע, בונטע, ערנסטע פויגלען,
טיעפע דענקערס, און געפלאַטערט
אום זיי האָבען מיט געטרילער
קליינוואַרג, לוסט׳גע ציזשיק־פייגעל —

אַלע אָטמען איין מיט תענוג
זיסע, ריינע באַלזאַם־ריחות,
אונפאַרשמירט און אונפאַרדאָרבען
פון דעם ערדגערוך דעם שלעכטען.

די הגדה איז א גאָרטען
פון אזעלכענע פאַנטאַזיעס,
און דער קליינער גמרא תלמיד,
בעת פאַרטויבט איהם און פאַרשטויבט האָט

ס'יונגע האַרץ דער ווילדער שטרייט,
פון הלכה דער וכוח
איבער דאָס שלימזל איי, וואָס
האָט געלייגט א הוהן אום יום־טוב,

אדער איבער אנדערע שאלות
פונקט אזוי פיעל וויכטיג — ס'איננעל
צו דערפרישען זיך אנטלויפט גלייך
אין דער בליהענדער הגדה,

וואו די שענע, אלטע מעשות,
און לעגענדעס פון מלאכים
און היסטאָריעס פון אנוסים,
יום־טוב תפלות, קלוגע ווערטער,

אויך גוזמאות, גאָר צום לאַכען,
אלעס אבער קרעפטיג, גליהענד
פון אמונה, ווי געוואַלטיג
האָט געגלענצט דאָס און געקוואָלען! —

און דעם איננעל'ס איידעל זעלע
האָט געפּאַקט מיט מאַכט די ווילדע
און משונה'דיגע מתיקות,
יענע וואונדערליכע שמערצלוסט.

יענער אונבאקאנטער שוידער,
וואָס עס וועהט פון דער געמורמעל,
פון דעם געטליכען התגלות,
וואָס מיר רופען אַן פּאָעזיע.

אויך די קונסט פון דער פּאָעזיע
יענע קלאָרע, שענע חכמה,
וואָס מיר רופען אַן די דיכט־קונסט,
האָט ענטדעקט זיך פריה דעם אינגעל.

און יהודה בן הלוי
איז א חוץ א גרויסער גאון
אויך געוואָרען גרוים אלס מייסטער,
אין דער דיכטקונסט, גרוים אלס דיכטער.

יא, געוועזן איז ער א דיכטער
גרוים און גלענצענד ווי א שטערען,
פאר זיין פאָלק א ליכט און פאקעל,
א גרויסארטיג וואונדערבארע

פייערזייל פון זאנג און שירה,
וועלכע איז פאראויסגעגאנגען
פאר דעם טרויערצוג ישראל׳ם
אין דעם מדבר פון דעם גלות.

ריין און עכט, גאָר אָהן א פגימה
איז זיין ליעד ווי זיין נשמה —
בעת דער בורא האָט באשאפען
זיין נשמה, העכסט צופריעדען

האָט ער זי אַ קוש געגעבען.
און מען הערט דעם קלאַנג פון קוש אין
יעדען ליעד פון דיכטער, װעלכעס
איז געהײליגט דורך גאָט׳ס גנאַדע.

װי אין לעבען אויך אין דיכטען
איז דאָס העכסטע גוטס די גנאַדע —
װער עס האָט זי קאָן ניט פעלשען
ניט אין פערזען, ניט אין פּראָזאַ.

אַזאַ דיכטער פון גאָט׳ס גנאַדע
רופען מיר מיט׳ן נאָמען גאון,
אין דער מלוכה פון געדאַנקען,
איז ער הערשער, אײנציג, מעכטיג.

גאָט אלײן שטעהט ער צום משפט
ניט דעם פאָלק — אין לעבען װי אין
קונסט קאָן טויטען אונז דאָס פאָלק נאָר
אָבער ניט זײן אונזער שופט. —

II.

„בײ די טײכען בבל׳ס זענען
מיר געזעסען און געװײנט, דאָרט
אויף די טרויער־װערבעס האָבען
מיר די האַרפען אויפגעהאַנגען.“

קענסט דו נאָך דאָס ליעד, דאָס אַלטע?
קענסט דו נאָך דעם אַלטען נגון,
װאָס ער זומט אין אָנפאַנג טרויריג
װי אַ קעסעל אויף דעם פײער?

לאַנג שוין, גאַנצע טויזענט יאָהרען,
קאַכט'ס אין מיר. אַ, פינסט'רע שמערצען!
און די צייט לעקט מיינע וואונדען,
ווי דער הונד די וואונדען איוב'ס.

הונד, א דאנק דיר פאר דיין שפייעכץ!
דאָך דאָס קיהלט מיר אָב דעם בראַנד נאָר,
היילען קאָן דער טויט אליין מיר —
אבער, אַך, איך בין ניט שטערבליך!

יאָהרען קומען און פארגעהען —
אין דעם וועבשטול לויפט געשווינד אום
הין און הער און זומט די שפולע —
וואָס זי וועבט דאָס ווייס קיין וועבער.

יאָהרען קומען און פארגעהען,
מענשען־טרעהרען טריפען, רינען,
אויף דער ערד ארונטער, און די
ערד, אַך, טרינקט זיי שטיל און גיעריג.

ווילדער זוד! עס שפרינגט דאָס דעקעל —
וואויל דעם מענשען, וואָס ערגרייפען
וועט זיין האנד די קינדער דיינע
און צושמעטערען אַז פעלזען!

דאנקען גאָט! עס דאמפט דער זוד אוים
בים לעכווייז ווערט שטום דער קעסעל,
און עס לאָזט מיך אָב א רגע
מיין פארפינסטערט מרה שחורה.

און מיין פליה'דיג פערדיל הירזשעט
ווידער לוסטיג, אבצושאקלען
גלייך פון זיך דעם שווערען קומער,
און די קלוגע אויגען פרעגען:

„רייטען מיר צוריק קיין שפאניען,
צום יונגען, קליינעם תלמודיסט,
און דעם קינפטיג גרויסען דיכטער,
צו יהודה בן הלוי?"

יא, א גרויסער, געניאלער
דיכטער איז פון איהם געווארען,
אונבאשרענקטער טרוימוועלט־הערשער, —
א פאעט פון גאטעס גנאדען.

און אין ליעדער און פיוטים
אין פזמונות און אין קינות,
אין ראמאנצען און געזאנגען
האט ער אויסגעגאסען אלע

פלאמען פון זיין גאט געקושטע
זעלע! אט דער טרובאדור איז
גלייך געוועזען צו די בעסטע
מייסטערזינגערס פון דער פראוואנס,

פון גיענע און פואטי,
רוסיליאן און אלע אנד'רע
זיסע פאמעראנצענלענדער
פון די קריסטען די גאלאנטע.

זיסע פּאָמעראַנצענלענדער
פון די קריסטען די גאַלאַנטע!
ווי זיי גלענצען, שמעקען, קלינגען
אין פאַרצייטיגע זכרונות!

שענע וועלט פון נאַכטיגאַלען!
דאָרט האָט מען אַנשטאָט דעם אמת'ן
גאָט, געדינט גאָר צו דעם פאַלשען
גאָט פון ליעבע און די מוזען.

און געזונגען האָבען דאָרטען,
אויף די פּליכעם רויזענקראַנצען,
די גלחים דוד'ס תהלים
אין דעם שענעם לשון לאַנגדאָק.

און די וועלטליך איידלע ריטערס,
רייטענדיג אויף פערד אויף שטאָלצע,
האָבען גראַמען פיעל געזונגען
לכבוד זייער הארצענס דאַמע.

אָהן א דאַמע קיין שום ליעבע,
און ס'איז פאַר'ן מוזענזינגער
נויטיג פּונקט געווען די דאַמע
ווי פאַר פּוטער־ברויט די פּוטער.

אויף דער העלד, וואָס מיר באַזינגען,
אויף יהודה בן הלוי
האָט געהאַט זיין הארצענסדאַמע,
אבער פון אַנ'אַנדער אַרט גאַנץ.

זי איז ניט געווען קיין לוירא,
וועלכע האָט מיט איהרע אויגען
אנגעצונדען אום קארפרייטאג
דעם באריהמטען בראנד אין קירכע.

און געוועזען איז זי אויך ניט
קיין שאטלענע, וואָס געזעסען
אויבען אָן איז ביי געפעכט־שפיעל
און פארטיילט די לארבער קראנצען.

זי איז ניט געווען געלערענט
אין דעם קושען־שלחן־ערוך,
און קיין שאלות ניט געפסק'עט
אין א ועד פון ליעבע לומדים.

טרויריג, עלענד איז געוועזען
די געליעבטע פון דעם רבי,
ווי א יאמערבילד פון חרבן —
און דאָס איז ירושלים.

פון די פריהע קינדער־יאָהרען
האָט ער גליהענד זי געליעבט שוין,
ציטערן האָט געמאכט זיין זעלע
שוין דאָס וואָרט ירושלים.

אויפ'ן פנים פורפורפלאמען
האָט שטיל צוגעהערט דאָס אינגעל,
ווען א פילגער קיין טאַלעדאָ
איז פון מזרח־לאנד געקומען

און דערצעהלט, ווי וויסט און חרוב
און פאַראונרייניגט דער אָרט איז,
וואו מע זעהט נאָך גלענצען דאָרטען
די נביאים׳ס לייכטע שפורען,

וואו געווירצט איז נאָך די לופט דאָרט
פון גאָט׳ס אייביג באַלזאם־אָטעם —
„אַ, דער יאַמערליכער אנבליק!“
האָט געזיפצט אמאָל א פילגער

מיט א לאַנגער, זילבערווייסער
באָרד, וואָס האָט ביים שפּיץ געשוואַרצט זיך,
און ס׳האָט כמעט אויסגעוויזען,
אַז זיין יוגענד בליהט אויף ווידער,

א גאַנץ וואונדערליכער פּילגער,
ווי א שמערץ א טויזענדיעהריג
האָט געקוקט איהם פון די אויגען,
און געזיפצט האָט ער מיט טרויער:

„ירושלים עיר הקודש!
ווי איז זי איצט וויסט און חרוב!
שדים, וועלף, שאקאַלען לויפען
דאָרטען אומעטום ארום זיך, —

„אין די מויערן איינגעפאַלען
נעסטען־שלאַנגען און נאַכט־פויגלען,
פון די פענסטערס איינגעבראָכען
קוקט ארויס דער פוקס צופריעדען.

„דאָ און דאָרטען זעהט מען אָפטמאָל
אנ׳אראבער אָבגעריסען,
אין דעם גראז דעם הויכען פיטערט
ער זיין הויקערדיגען קעמעל.

„אויף דעם טייערען בארג ציון,
וואו דערהויבען האָט זיך דאָרטען
און געשטראהלט פון גאָלד די שטאָלצע
פעסטונג פון דעם גרויסען מלך,

„דאָרט מיט ווילדע גראָז באוואקסען
ליגען איצט נאָר גראָע חורבות,
וועלכע קוקען אַן אונז טרויריג,
און עס דוכט זיך, אז זיי וויינען.

„און מען זאָגט זיי וויינען טאקע
איינמאָל אין דעם יאָהר, אין נייַנטען
טאָג פון חודש אָב; די אייג׳נע
אויגען אָנגעפילט מיט טרעהרען

„האָב איך אויך געזעהן די דיקע
טראָפּענס רינען פון די מויערן,
און געהערט האָב איך דאָס קלאָגען
פון צובראָכ׳נע טעמפּעל-זיילען“. — —

אָט אזעלכע פרומע מעשות
האָבען אין הלוי׳ם יונגען
הארצען אויפגעוועקט א שטארקע
בענקשאפט נאָך ירושלים.

דיכטער־בענקשאפט! פול חלומות
און אונגליקליך איז עס געוועזן
ווי דאָס ביינקען, וואָס גענומען
האָט אַמאָל דעם גרויסן זינגער

ריטער זשאָפרוא רודעלאָ,
בעת צוריק־געקומען זענען
פון דעם מזרח־לאַנד די ריטערס
און ביים בעכער־קלאַנג געשוואָרן:

אַז די קרוין פון חן און צניעות,
אַז די בלום פון אַלע פרויען
איז די שענע מעליזאַנדע,
די מאַרק־גרעפין פון טריפּאָלים.

יעדער וויים, אַז נאָך דער דאַמע
האָט באַגעהרט אצינד דער זינגער,
ער האָט זי באַזונגען, און איהם
איז זיין שלאָס צו ענג געוואָרען.

מיט א שיף האָט ער פון ציטאַ
אַבגערייזט, דאָך אויף דעם ים איז
ער געוואָרען קראַנק, און גוסס
קיין טריפּאָלים אָנגעקומען.

און געזעהן האָבען ענדליך
מעליזאַנדען זיינע אויגען,
דאָך דער שאָטען פון דעם טויט האָט
באַלד זיי צוגעדעקט אויף אייביג.

צו די פיס פון זיין געליעבטער,
מעליזאנדע פון טריפאליס,
זינגענדיג זיין שיר דעם לעצטען,
איז דער טרובאדור געשטארבען.

אך, ווי עהנליך וואונדערבאר איז
ביידע דיכטערס סוף געוועזען!
דאך האט יענער אויף דער עלטער
ערשט זיין רייזע אונטערנומען.

אויך הלוי איז געשטארבען
צו די פיס פון זיין געליעבטער,
און גערוהט זיין שטערבענד קאפ האט
אויף די קניה ירושלים'ס.

III.

נאך דער שלאכט ביי ארבעלא
האט דער גרויסער אלעקסאנדער
ביי דריוש צוגענומען
לענדער, לייט און עלעפאנטען,

ווייבער, פערד און קרוין און סצעפטער,
שמאטעס גאלדענע און אוצרות
און אריינגעשטעקט אין זיינע
הויזענקעשענעס די ברייטע.

און אום ניט אריינצוקריכען
אין אלעקסאנדערס הויזענטאשען,
גלייך מיט אלע גוטע זאכען
מאכט דריוש א ויברח.

און אין צעלט פון גרויסען קעניג
האָט דער יונגער העלד געפונען
גאָר א פּראכטפול גאָלדען קעסטיל
אויסגעזעצט מיט עדעלשטיינער.

אין דאָס קעסטיל, זעלבסט א צירונג,
וואו דריווש האָט געהאַלטען
און פארשלאָסען די תכשיטים,
זיינע אייגענע דימאַנטען!

אַלעקסאנדער האָט די לעצטע
באַלד פארשענקט, אוועקגעגעבען
די גבורים פון זיין חיל,
און זיי האָבען ווי די קינדער

מיט די שטיינדעלעך געשפּיעלט זיך —
אויסער איינעם כורש'ס זיגעל,
דעם האָט ער געשיקט דער מוטער,
וואָס פון איהם געמאַכט א בראש האָט...

און א וואונדערבארען אניקס —
דעם האָט ער געשיקט אריסטו'ן,
אַלעקסאנדער'ס אַלטען לעהרער
פאַר זיין זאמלונג פון אנטיקען.

אין דעם קעסטעל איז געוועזען
א שנור וואונדערבארע פּערעל,
וואָס דער קעניגין אַטאָסאַ
האָט געשענקט דער פאַלשער סמערדים.

דאך די פּעריל זענען עכטע!
און דער זיגער האָט געשאָנקען
עס א טענצערין א שענער
פון קארינט, מיט'ן נאָמען טאַיס.

אין די האָר, די ווילד צופלאטערט
האָט די פּעריל זי געטראָגען,
און געטאַנצט און ווילד גערדעהט זיך,
בעת געברענט האָט פּערזעפּאליס,

און א ברענענדיגע פאקעל
אין דאס קעניגשלאָס געוואָרפען,
אז עפלאקערט האָבען תיכף
ווי א פייערווערק די פלאמען.

נאָך דעם טוידט פון טאַאיס, וועלכע
איז געשטאָרבען אין שטאָדט בבל
פון א בבל־קראנקהייט, זענען
איהרע פּערלען דאָרט אין בערזע

פער אויקציאָן פארקויפט געוואָרען.
ס'האָט געקויפט א פּאפּ פון מעמפיס
און געבראכט עס קיין מצרים,
וואו ערוואָרבען האָט עס שפּעטער

קלעאפּאטרא, וועלכע האָט די
שענסטע פּעריל דיין צומאָלען,
און אין וויין זי אויסגעטרונקען,
דעם אנטאָנוס אויף צו־להכעים.

און די רעשט איז אנגעקומען
מיט'ן לעצטען אמאיאדען
קיין הישפאניען, צו לייכטען
אויף דעם טורבאן פון דעם כאליף.

אבדערהאם דער דריטער האט זיך
אויסגעפוצט דערמיט ביים פעכט־שפיעל,
דרייסיג ריטער האט באזיעגט ער,
און דערצו דאס הארץ זוליימא'ס.

בעת געפאלען איז די הערשאפט
פון די מאהרען דורך די קריסטען,
איז די פערעל־שנור געקומען
צו דעם קרוינשאץ פון קאסטיליען.

קאטאליקען — מאיעסטעטען,
קעניגינען פון הישפאניען
האבען אויסגעפוצט דערמיט זיך
ביי פראצעסיעס, אקסגעפעכטען,

אויך ביי שייטער־הויפענס, פלעגען זיי
זיצען רוהיג אויף באלקאנען,
און דערקוויקען זיך פון ריח
פון געבראט'נע, אלטע אידען.

שטנ'ס איינ'קעל, מענדיזאבעל
האט פארזעצט די פערעל שפעטער,
כדי דעם דעפיציט צו דעקען
פון די [illegible]יגליך פינאנצען.

אין דעם הויף פון טילעריען
איז די שנור צולעצט ערשינען,
און געשימערט אויף דעם האלז פון
זאלאמאן די באראנעסע.

אט דאס האט פאסירט די פערלען.
דאך דעם קעסטעל איז געגאנגען
גיט אזוי וואונדערליך, באהאלטען
האט פאר זיך עס אלעקסאנדער.

אין איהם האט ער איינגעשלאסען
אלע ליעדער פון האמערוס,
זיין באליעבטען, געטליכען דיכטער,
און געלעגען איז צוקאפענס

איהם דאס קעסטיל, און פון דארטען
האבען זיך ארייגגע'גנב'עט
ביי דער נאכט אין זיינע חלומות
אלע לייכטע העלדענבילדער.

— אנד'רע צייטען, אנד'רע פייגעל
איך, איך האב געליעבט אמאל אויך
די געזאנגען פון די גבורות
פון פעליד און אדיסעאוס.

דאמאלס איז געווען צום מוט מיר
זונענגאלדיג, ליכטיג, פרעהליך,
אויף מיין שטערען — ווייגבוים־קראנצען,
און מוזיק האט זיך געקלונגען.

שטיל דערפון! — עס ליגט צובראכען
איצט מיין שטאלצער זיעגערוואגען,
און די איינגעשפאנטע לייבען
זענען טויט שוין, ווי די ווייבער.

נאס מיט צימבלען און מיט פויקען
האבען ווילד אום מיך געטאנצט דאן.
איך אליין — איך קייקעל עלענד,
גוסס־עלענד אויף דער ערד זיך.

שטיל דערפון! — די רייד איז וועגען
קעסטיל פון דריוש, און איך
האב געטראכט ביי זיך אין הארצען:
ווען איך קריג דאס שענע קעסטיל

און עס וואלט מיך ניט געצוואונגען
געלד־נויט גלייך עס צו פארקויפען,
וואלט איך דאן דארין פארשלאסען
אלע ליעדער פון דעם רבי,

פון יהודה בן הלוי,
יום טוב זמירות, שירים, קינות,
און די בילדער פון זיין רייזע
קיין ירושלים, — אלעס וואלט איך

לאזען אבשרייבען פון בעסטען
סופר אויף דעם רייכסטען פארמעט,
און געלעגט וואלט איך דעם כתב־יד,
אין דעם קליינעם גאלד'נעם קעסטיל.

דאָס װאָלט איך געשטעלט דאָן אױף דעם
טיש בײם בעט, און אױב געקומען
װאָלט אַ פֿרײנד און זיך געװאָונדערט
אױף די פּראַכט פֿון קלײנעם קעסטיל,

איבער זײנע שניצערײען,
װעלכע זענען קלײן און קונציג,
איבער אַלע װאונדערבאַרע
אײנגעפּאַסטע אײדעלשטײנער, —

שמײכלענדיג װאָלט איך געזאָגט איהם:
דאָס איז נאָר די גראָבע שאָלעכץ
פֿון אַן׳אוצר שענער, בעסער, —
דאָ אין קלײנעם קעסטיל ליגען

דימענטען, װאָס זײער ליכט איז
אָבגלאַנץ, װידערשײן פֿון הימעל,
האַרצבלוט גליהענדע רובינען,
אונבאַפלעקטע טורקאַזען.

אױך סמאַראַגדען פֿון נחמות,
פּערעל רײנער נאָך װי יענע,
װאָס געשענקט דער פאַלשער סמערדיס
האָט דער קעניגין אַטאָסאַ,

און װאָס שפּעטער האָט געצירט עס
אַלע גרױסע מיוחסים
אונטער׳ן ליכט פֿון דער לבנה —
טהאַאיס און די קלעאָפּאַטראַ,

איזים פּריסטער, מאַהרענפירשטען
אויף היספּאַניענס קעניגינען,
און צולעצט די הויכפּארעהרטע
זאַלאַמאָן די באַראַנעסע.

אָט די וועלט־באַריהמטע פּערעל
זענען נאָר דער שליים דער בלייכער
פון אַנ'עלענד, אַר'מען שריי,
וועלכער קריינקעלט אויף דעם ים גרונט.

דאָך די פּערלען דאָ אין קעסטיל
זענען ווילד אַרויסגעקוואַלען
פון אַ שענער מענשענזעלע,
וואָס איז טיעפער פאַר'ן וועלט־ים —

דען עס זענען טרעהרענפּערעל
פון יהודה בן הלוי,
וואָס ער האָט פאַרגאָסען איבער'ן
חרבן פון ירושלים. —

פּערעל־טרעהרען שען פאַרבונדען
דורך דעם גאָלדנעם גראַמענפאַדים,
און פון גאָלדנער דיכטקונסטקוזנע
אַלס אַ ליעד אַרויסגעגאַנגען.

אָט דאָס פּערעל־טרעהרען ליעד איז
יענע פּיעל באַריהמטע קינה,
וואָס געזונגען ווערט אין אַלע
וועלטצווייטע צעלטען יעקב'ס.

אין דעם ניינטען טאָג פון חודש
אב — דאָס איז די טרויעריאָהרצייט
פון ירושלים׳ס חרבן
דורך דעם טיטוס וועספּאַסיאַנוס.

יא, דאָס איז די קינה „ציון“,
וואָס יהודה בן הלוי
האָט געזונגען שטאַרבענדיג אויף
ירושלים׳ס הייל׳גע חורבות —

באָרוועס אין א טרויערקיטעל
אויף א זייל אָנ׳איינגעפאַל׳נער
איז ער דאַמאָלס דאָרט געזעסען,
און אראָב איז איהם געפלאָסען

ווי א וואָלד די האָר די גראָע
און משונה׳דיג באַשאַטענט
ס׳בלייבע אויסגעצעהרטע פּנים
מיט די טיעפע קלאָרע אויגען.

אַט אזוי איז ער געזעסען
און געזונגען ווי א נביא, —
גלייך ווי עס וואָלט אויפגעשטאַנען
פון זיין קבר ירמיהו. —

ס׳האָט דאָס ליעד פון ווילדען טרויער
מילד געמאַכט די חורבות־פויגלען
און גענעהנט האָט מיט רחמנות
שטיל צו איהם דער ווילדער קאָרשון.

דאָך אַ ווילדער סאַראַצענער
איז פאַרבייגעריטען דאָרטען,
וויגענדיג זיך אויף זיין פערד הויך,
אין דער האַנד אַ שפּיזן אַ בלאַנקען.

און די ברוסט פון טרויערזינגער
האָט געשטאָכען ער דעם מאָרד־שפּיז,
און בליץ־שנעל אַוועקגעריטען
און פאַרשוואונדען ווי אַ שאָטען.

רוהיג איז דאָס בלוט גערונען —
רוהיג האָט צו ענד געזונגען
זיין געזאַנג דער רבי, און צום
לעצטען מאָל געזיפצט דאָן: „ציון!“ —

דאָך דערצעהלט אַנ'אַלטע זאַגע,
דאָס דער סאַראַצענער איז גאָר
ניט געווען אַ מענש אַ שלעכטער,
נאָר בלויז אַ פאַרשטעלטער מלאך,

וועלכער איז געשיקט געוועזען
צוצונעמען גאָט'ס באַליבטען
פון דער ערד און איהם אָהן שמערצען
אין דער הימעל־וועלט צו ברענגען.

דאָרט, דערצעהלט זי, האָט ערוואַרט איהם
אַ קבלת פנים, וואָס איז
אַנגענעהם שטאַרק פאַר אַ דיכטער,
אַנ'אַרט הימעל־איבערראַשונג.

איהם אנטקעגען איז געקומען
יום־טוב׳דיג א כאַר מלאכים
און געזונגען איהם א מזמור —
זיינ׳ם אנ׳איינגען ליעד א שענעם.

יענעם שולגעזאנג דאָס זיסע,
יענעם שבת־ליעבען זמר,
מיט די פרעהליכע באַקאַנטע
מעלאָדיען — וואָס פאר טענער!

געטראַמייטערט האָבען כרובים
און געפידעלט האָבען שרפים,
אנדערע געשפּיעלט אויף האַרפּען
און געפּייפט אויך און געצימבעלט.

און געקלונגען און געזונגען
האָט עס ליעבליך, און אין ווייטען,
גרויסען הימעל האָט געהערט זיך:
„לכה דודי לקראת כלה!“

IV.

אונצופריעדען איז מיין וייב שטאַרק
מיט דעם פאָריגען קאַפּיטעל,
און באַזונדערס בנוגע,
צו דעם קעסטיל פון דריוש.

שיער מיט ביטערקייט באַמערקט זי:
דאָס א מאַן אנ׳אמת פרומער,
ווי עס דאַרף זיין, וואָלט דאָס גאָלדען
קעסטיל גלייך אויף געלד פאַרביטען,

און געקויפט דערפאר זיין ארעם
ווייב, וואס איז מיט איהם פארשלייערט
על פי דין, א קאשעמיר־קלייד,
וואס זי דארף דאך נויטיג האבען.

און יהודה בן הלוי,
מיינט זי, קאן בכבוד רוהען
אין א שענעם פוטעראל אויך
פון קארטאן פיין אויסגעצאצקעט

מיט כינעזיש עלעגאנטע
מאלערייען ווי די שענע
באנבאניערקעס פון מארקיזע
אין פאסאזשע פאנאראמע.

„דאך מיך וואונדערט!" — אזוי האט זי
אויסגעפיהרט, „דאס איך האב קיין מאל
ניט געהערט דעם דיכטער־נאמען
פון יהודה בן הלוי."

ליעבסטעס קינד, האב איך געענטפערט,
אט דאס ליעבליכע ניט־וויסען
ווייזט ווי גרויס ס'איז דער חסרון
פון פראנצויזישער ערציהונג.

און פון די פאריזער שולען,
וואו די מיידלעך, אט די קינפטיגע
מוטערס פון א פאלק א פרייען
ווערען דארטען אויסגעבילדעט —

אלטע מומיעס, אויסגעשטאָפּטע
פּרעה'ס פון דעם לאַנד מצרים,
מעראָווינגער שאָטען מלכים,
אָנגעפּודערטע פּאַרוקען,

ווי אויך כינאַ'ס צעפּ מאַנאַרכען,
פּאָרצעליי'נע־תפלה־קיסרים —
דאָס אַלץ לערנען זיי אויס אויסווענדיג,
קלוגע מיידלעך, אבער, הימעל!

ווען מען פרעגט זיי איבער נעמען
פון דער גאָלדענער צייט דער גרויסער,
פון אַראַביש אַלט־הישפּאַניש
אידישע פּאָעטענשולע.

פרעגט מען וועגען דרייפאַך־שטערן,
רב יהודה בן הלוי,
רבי שלמה בן גבירול
און רב משה אבן עזרא,

פרעגט מען זיי אזעלכע נעמען,
קוקען אָן מיט גרויסע אויגען
אונז די שענע קינדער, און זיי
קאָנען זיך פון אָרט ניט ריהרען.

ראָטען וואָלט איך דיר, געליעבטע,
צו דערי אָגען דאָס פאַרזוימטע
און צו לערנען לשון קודש —
לאָז טעאַטער און קאָנצערטען.

און באשעפטיג זיך א פאר יאהר
מיט דעם למוד, דו וועסט קאנען
לייענען דאן אין דעם מקור
אבן עזרא און בן גבירול,

און פארשטעהט זיך, אויך הלוי'ן,
דאס איז יענער גרויסער דיכטער,
וועלכער האט די שענסטע ליעדער
אפגעשפיעלט אויף דוד'ס פיעדעל.

אלחריזי — איך קאן וועטען,
דאס אויך ער איז אונבאקאנט דיר,
כאטש זיין וויץ איז עכט פראנצויזיש,
און הרירי'ן איבערטראפען

האט ער ווייט אין די מאקאמען,
און געוועזן א וואלטעריאנער
איז ער לאנג שוין איידער וואלטער —
אלחריזי האט געזאגט דאס:

„דורך געדאנקען גלענצט גבירול
און געפעלט צומייסט דעם דענקער,
דורך זיין קונסט גלענצט אבן עזרא
און איז אנגענעהם דעם קינסטלער —

„אבער אלעביידע מעלות
האט יהודה בן הלוי,
און ער איז א גרויסער דיכטער
און באליעבט פון אלע מענשען."

אבן עזרא איז יהודה
בן הלוי'ס פריינד געוועזן,
אדער גאר א קרוב זיינער.
אין זיין רייזע־בוך באקלאגט זיך

רב יהודה, ווי אומזיסט איז
ער געקומען קיין גראנאדא,
אום זיין פריינד דארט אויפצוזוכן.
שטאט איהם, האט ער דארט געפונען

נאר זיין ברודער רבי מאיר,
דעם פאעט און מעדיצינער,
און דער פאטער פון דער שענהייט
וואס'ט באצויבערט אבן עזרא'ן.

די קוזינע צו פארגעסען,
האט ער זיך געלאזען וואנדערן,
און איז נע ונד געווארען,
ווי שוין מאנכע אנד'רע דיכטער.

וואנדערנדיג קיין ירושלים,
זענען טאטערן איהם באפאלען,
און אוועקגעשלעפט געבונדען
אויף א פערד איהם אין די סטעפעס.

דארט האט ער געמוזט טאן מלאכות,
וועלכע פאסען ניט א רבי'ן
און נאך ווייניגער א דיכטער —
קיה האט ער געמוזט דארט מעלקען.

איינגעבויגען איז ער איינמאָל
אונטער אַ קיה'שע בויך געזעסען,
און דעם אייטער גיך געמאָלקען,
שטראָמווייז איז די מילך גערונען.

וואָס פאַר אַ בזיון איז דאָס
פאַר אַ רבי, פאַר אַ דיכטער!
דאָן איז איהם אַ שמערץ באַפאַלען
און גענומען האָט ער זינגען.

און זיין צאַרטעם זיסע זינגען
האָט געריהרט דעם פירשט פון שבט,
וואָס איז דאָרט פאַרבייגעגאַנגען —
און באַפרייט האָט ער דעם שקלאַף.

און דערצו נאָך איהם געגעבען
פיעל געשענק, אַ פיקסענפוטער,
אַנ'אַראַבישע מאַנדאָלינע
און אַהיים צו רייזען צעהר־געלד.

דיכטער־מזל! בייזער שטערען
וואָס פאַרפאָלגט די זיהן אפאָלאָס
תמיד: יאַ, געשווינט אפילו
האָט ער אויך ניט זייער פאָטער.

בעת ער האָט געיאָגט די דאפנע,
האָט ער שטאָט איהר לייב דעם ווייסען,
נאָר דעם לאָרבערבוים אומשלונגען
ער, דער געטליכער שלומיאל!

יאָ, אַפּאַלאַ איז צוגלײַך אויך
אַ שלומיאל, און דער לאַרבער,
וואָס געקרוינט האָט שטאָלץ זײַן שטערן,
איז אַ שלומיאלניק־צײַכען.

וואָס באַטײַט דאָס וואָרט שלומיאל
ווײסען מיר. עס האָט שאַמיסאָ
איהם פֿאַרשאַפֿט שוין לאַנג אין דײַטשלאַנד
בירגער־רעכט — דעם וואָרט נאָר מײַן איך —

אָבער אומבאַקאַנט געבליבען
ווי די קוועלען פֿון טײַך נילוס
איז זײַן מקור; כ׳האָב דעריבער
מאַנכע נאַכט דעם קאָפּ צובראָכען.

אין בערלין צוריק מיט יאָהרען
האָב איך פֿאָרגעלעגט די שאלה
פֿאַר מײַן גוטען פֿרײַנד שאַמיסאָ,
פֿאַר דעם עלטעסטען שלומיאל —

דאָך ער האָט מיך ניט באַפֿרידיגט,
אָנגעוויזען האָט ער מיר נאָר
וועגען דעם אויף היציג, וואָס האָט
אויסגעזאָגט איהם די פֿאַמיליע

פֿון זײַן פֿעטער אָהן — אַ שאָטען.
גלײַך געפֿלויגען אויף אַ דראָשקע
בין איך צו דעם הערען היציג,
וואָס׳ט אַמאָל געהייסען איציק.

בעת געווען איז ער נאָך איציק,
האָט זיך איהם אמאָל גע׳חלומ׳ט,
דאָס זיין נאָמען שטעהט געשריבען
מיט א ה״א פאראויס אין הימעל.

„וואָס קאן פּאָרט דאָס ה״א באטייטען?״
האָט געקלערט ער, „צי הער איציק,
אָדער אפשר הייליגער איציק?
הייליג איז א שענער נאָמען.

„דאָך ניט פאר בערלינער״, ענדליך
האָט ער היציג זיך גערופען,
ס׳האָבען נאָר געוואוסט פארטרויטע,
דאָס אין היציג שטעקט א קדוש.

„הייליגער איציק!״ אזוי האָב איך
אויסגערופען, בעת צו איהם בין
איך געקומען, זאָגט פון וואנעט
קומט ארויס דאָס וואָרט שלומיאל?״

לאנג גע׳טענה׳ט האָט דער קדוש,
דאָס ער קאן זיך ניט דערמאָנען
און געזאָגט א סך תירוצים
פון דער קריסטליבער אמונה.

ביז עס האָט געפּלאצט אם ענדע
מיין געדולד און אנגעהויבען
האָב איך שטארק צו שילטען, זידלען,
איהם צוזאמען מיט זיין גלויבען.

מיין צבועק איז בלייך געוואָרען
ווי א טויטער און געציטערט,
גלייך ערפילט האָט ער מיין רצון
און דאָס דאָזיגע דערצעהלט מיר:

„אין דער תורה שטעהט געשריבען
ווי בעת דער וויסטענוואנדערונג
האָט ישראל זיך באַלוסטיגט
אָפט מיט מדין'ס שענע טעכטער.

„איינמאָל איז געשעהן, דאָס פנחס
האָט געזעהן א שענדליך מעשה,
וועלכע זמרי איז באגאנגען,
מיט א מדינ'שער נקבה.

„גיך האָט ער זיין שפּיז גענומען
און מיט ווילדען כעס דערשטאָכען
אויפ'ן שטעל דעם רשע זמרי —
אזוי שטעהט עס אין דער תורה.

„דאָך דערצעהלט דאָס פאָלק זיך מינדליך
אנ'אגדה פון פארצייטען,
דאָס געוועזען איז ניט זמרי,
וועלכען פנחס האָט דערשטאָכען.

„נאָר, אנשטאט דעם חוטא זמרי
האָט ער אומגערן געטראָפען,
בלינד פון כעס, אנ'אומשולדיגען, —
דעם שלומיאל בן צורי שדי." —

אַט דער דאַזיגער שלומיאל
איז דער עלטערפאטער פון דעם
שלומיזאַלניק־שבט, און מיר
זענען אלע זיינע קינדער.

אמת, קיין שום העלדענטאַטען
ווערט דערצעהלט פון איהם, מיר קענען
נאָר זיין מומען, און מיר ווייסען,
ראָס געוועזן איז ער „שלומיאל".

דאָך דעם בוים פון א משפחה
שעצט מען ניט צוליעב די פירות,
נאָר צוליעב זיין הויכען עלטער —
אונז׳רער איז דריי טויזענד יאָהר אלט!

יאָהרען קומען און פאַרגעהען —
דריי יאָהרטויזענד איז פאַרגאַנגען,
זייט דעם טויט פון אונזער זיידען
רב שלומיאל בן צורי שדי.

לאַנג שוין טויט איז אויך רב פנחס —
דאָך זיין שפּיז האָט זיך ערהאַלטען
און מיר זעהען ווי ער היינגט אלץ
איבער אונזער קאָפּ באשטענדיג.

און ער טרעפט די בעסטע הערצער —
ווי יהודה בן הלוי,
האָט ער אויך געטראָפען משה
אבן עזרא און בן גבירול.

אויך בן גבירול — ער דער טרייער
גאָט ערגעבענער משורר,
ער, די נאַכטיגאַל די פרומע,
וואָס זיין רויז איז גאָט געוועזן,

אָט די נאַכטיגאַל האָט איהרע
ליעבע ליעדער זים געזונגען
אין דעם מורא׳דיגען חשך
פון דער נאַכט פון מיטעלאַלטער!

אונערשראָקען, אונבאַקימערט
פון די שדים און מזיקים,
פון דעם טויט און דעם שגעון,
וואָס ערפילט האָט יענע שרעקנאַכט,

האָט די נאַכטיגאַל די זיסע
נאָר געדאַכט אָן גאָט איהר ליעבסטען,
איהם געיאָמערט האָט איהר ליעבע,
איהם געקלונגען האָט איהר לויבליעד.

דרייסיג פריהלינגס האָט דערלעבט נאָר
אויף דער ערד בן גבירול, אבער
וויט און ברייט באַקאַנט געוואָרען
איז זיין נאָמען אין די לענדער.

נעבען איהם אין שטאָדט קאָרדאָווא
האָט געוואוינט אויך א ישמעאל,
וואָס האָט אויך געשריבען שירים,
און איהם שטאַרק געווען מקנא.

הערענדיג דעם דיכטערס זינגען
איז זיין גאַל איהם אויפגעשוואָלען;
די מתיקות פון די ליעדער
האָט פאַר׳סמ׳ט נאָר דעם מקנא.

אין זיין הויז ביי נאַכט מיט פאַלשקייט
האָט פאַרפיהרט ער דעם פאַרהאַסטען,
און איהם שטילערהייט דערשלאָגען,
און באַגראַבען אין זיין גאָרטען.

אָבער זעהט נאָר! פון דעם אָרט, וואו
בן גבירול איז געלעגען,
איז אַ פייגענבוים געוואַקסען,
פון דער וואונדערבאַרסטער שענקייט.

הערליך איז זיין פרוכט געוועזען,
לייגגליך, פול געווירצטע זיסקייט,
ווער עס האָט דערפון גענאָסען
איז פאַרזונקען אין ענטציקען.

פיעל געשמועסט און גע׳סוד׳עט
האָט זיך לאַנג דאָס פאָלק דעריבער,
ביז צולעצט ערייכט די שמיעה
האָט די אויער׳ן פון כליפ׳ן.

און געפּרופט מיט אייג׳נעם גומען
האָט ער יענע צויבער־פרוכטען,
און ס׳געהיימנים צו ענטדעקען
האָט געזעצט ער אַ קאָמיסיע.

זעכציג מלקות אויף די פּיאַטעס
פון דעם גאַרטענאײַגענטימער
האָט מען אָבגעשלאָגען גלײַך, ביז
ער האָט זיך מודה געוועזען.

אויסגעריסען פון דער ערד אויף
האָט מען גלײַך דעם בוים אין גאָרטען,
און צום פאַרשיין איז געקומען
דער גע'הרג'עטער בן גבירול.

און צו קבורה מיט גרויס כבוד
האָבען איהם געבראַכט די ברידער,
און דעמזעלבען טאָג געהאַנגען
האָט מען אויף דאָרט דעם ישמעאל.

# דער ויכוח.

אין דער שולע פון טאָלעדאָ
קלינגען הילכיג די טראָמפּעטען;
צו דעם גייסטליכען געשלעג
לאָזט דאָס פאָלק ניט לאַנג זיך בעטען.

דאָס איז ניט קיין פּשוט פעכטען,
קיין געוועהר פון אייזען בליצט —
שפּיזען זענען דאָ נאָר ווערטער,
פון דעם פּלפּול שאַרף פאַרשפּיצט.

ניט גאַלאַנטע קאַוואַליערען
פעכטען דאָ, ניט דאַמענדיענער —
פון דעם קאַמף די העלדען זענען
קאַפּוצינער און ראַבינער.

און זיי טראָגען אנשטאָט קאַסקעס
יאַרמולקעס און קאַפּוצען,
לאַנגע קיטלען, ארבע־כנפות —
דאָס — דער פּאַנצער, וואָס זיי נוצען.

וועמעס איז דער וואָהרער גאָט?
צי איז עס די אידענס שטאַרקער,
שטרענגער איין־גאָט, וואָס זיין גבור
איז רב יהודה דער נאַווארער?

אדער איז'ס דער דרייעדיגער
ליעבע־גאָט פון כריסטיאנער,
וואָס זיין העלד איז ברודער יאזע,
גארדיאן ביי פראנציסקאנער?

מיט דעם כח פון הסברות,
מיט א שכל, טעם און סדר,
און מיט ראיות פון חכמים,
וועלכע מודה זיין מוז יעדער.

ווייל דעם געגנער יעדער גבור
יענעמ'ס נארישקייט דערווייזען,
און די וואהרע געטליכקייט
פון זיין גאָט דערמיט באווייזען.

אבגעמאכט איז: אז דער יענ'גער,
וועלכער וועט זיך אונטערגעבען,
איז פארבונדען אנצונעמען
פון זיין פיינד דעם וואהרען גלויבען.

שמד'ן מוז זיך דאן דער רבי,
טובל'ען זיך אין וואסער קיהלע,
און אין געגענטייל דער גלח
מקיים זיין די מצות מילה.

און צו עלף חברים טרייע
האט מען זיי געגעבען ביידען:
טיילען זענען זיי דעם מזל
גרייט אין פריידען און אין ליידען.

זיכער זענען די גלחים
פון דעם גארדיאַנס קהילה
און זיי האַלטען שוין דאָס וואסער
אָנגעגרייט דאָ צו דער טבילה.

שאקלען שוין די שפריצער־בעזימס
און די ריינע קטורת־פעסער —
און דערוויילע זיי׳רע געגנער
שארפען שטארק די מוהל־מעסער.

ביידע מחנות שטעהען פארטיג
פאר דעם קאמף־פּלאַץ אין דעם זאַל,
און דאָס פאָלק מיט אונגעדולד
הארט און ווארט אויף דעם סיגנאַל.

אונטער אַ גיך־גאָלדנער חופּה,
אין גערויש פון הויף־געזינד,
זיצט דער קעניג און די מלכּה ;
זי זעהט אויס נאָך גאָר א קינד.

א פראנצויזיש פלאכעס נעזעל,
אַ ממזרת אין די מיענען,
דאָך באַ׳כישוף׳ען דעם מויל׳ס
שטענדיג שמייכלענדע רובינען.

שענע לייכטזיניגע בלום —
זאָל נאר גאָט רחמנות האָבען —
פון דעם פרעהליכען פאריז
האָט מען זי גאָר איינגעגראָבען

דאָ'דערט אין דער שטייפער ערד
פון די שפּאַניער פּני און פריעסטער;
ז'האָט געהייסען בלאַנש דע בורבאָן,
דאַננאַ בלאַנקאַ הייסט זי איצטער.

פעדראָ איז דעם קעניג'ס נאָמען
און דאָס צונעמעניש „רשע“:
אָבער היינט, ביי מילדען זין,
איז דער קעניג גאָר נישט־קשה.

אונטערהאַלט זיך גוט געלוינט
מיט דער סוויטע איידעללייטען;
אויף די אידען און אַראַבער
זאָגט ער פּיעלע זיסקייטען.

די גע'מהל'טע פּריצים'ס
איז דער קעניג גאָר אין גאַנצען,
זיי באַפעהלען מיט זיין חיל
און זיי פיהרען די פינאַנצען.

אָבער פּלוצלינג קלאַפּען פּויקען,
און עס מעלדען די טראָמפּעטען,
אַז עס הויבען אָן דעם מויל־קאַמף,
דעם דיספּוט די צוויי אַטלעטען.

און דער פראַציסקאַנער גאַרדיאָן
שיסט אַרויס אין פרומען כעס;
דאָ איז גראָב זיין שטימע און דאָ
קווימשענד ווי ביי אַ מרשעת.

אין דעם פּאַטער'ס און דעם זוהן'ס
און דעם הייל'גען רוח'ס נאָמען
טרייבט דעם שד ער פון דעם רבי'ן,
דעם פערשאַלט'נעם יעקב'ס זאָמען.

אין אזעלכענע חלוקים
זענען שדים אָפט פּאַרבאָרגען
אין דעם אידען און מיט שאַרפזין,
ווייץ און טעמים איהם פאַרזאָרגען.

נו, דעם שד ארויסגעטריבען
דורך דעם כח פון פארשווערען,
קומט דער גלח צו זיין תורה,
לאָזט זיין „אני מאמין“ הערען.

ער דערצעהלט, אז אין דער גאָטהייט
שטעקען גאנצענע דריי הערען,
דאָך זיי ווערען איין איינצ'גער,
ווען עס פּאסט, זיי זאָלען'ס ווערען.

א מין חקירה, וועלכע יענער
נאָר פארשטעהן קאן און באגרייפען,
וואס איז פטור לאנג געוואָרען
פון דעם שכל'ס שטארקע רייפען.

ער דערצעהלט, ווי אין בית־לחם
איז געבאָרען גאָט געוואָרען
פון דער מיידעל, וואָס האָט קיינמאָל
ניט איהר מיידעלשאפט פארלאָרען.

ווי דער הער־גאָט איז געלעגען
אין אַ מולטער; און עס זענען
אַ בהמה און איין אָקסעל
נעבען איהם גאַנץ פרום געשטאַנען.

ער דערצעהלט, ווי גאָט דער האַר
איז פון הורדוס'ען ענטרונען
קיין מצרים, און האָט שפּעטער
דאָך אַ שווערען טויט געפונען

אונטער פּאָנטיוס פּילאַטוס,
וואָס דעם פּסק האָט אונטערשריבען,
פון די הארטע, שטרענגע פּרושים,
פון די אידען צוגעטריבען.

ער דערצעהלט, ווי פון זיין קבר
איז דער האַר ארויסגעפלויגען
אויף דעם דריטען טאָג שוין און צום
הימעל גלייך אַוועקגעפלויגען;

ווי ער דאָך לעתיד לבוא
וועט זיך אויף דער ערד אומקעהרען
און פון איהם אין טאָל יהושפט
וועט דאן אלץ גע'משפּט ווערען.

„ציטערט, אידען!" שרייט דער גלח,
„פאַר דעם גאָט, וואָס איהר געמאַטערט
האָט מיט קלעפּ, געשלעג און דערנער,
און צולעצט אוועקגע'פּטר'ט.

„זיינע מערדער, פאָלק פון ראבע,
אידען, דאָס זייט איהר געוועזען —
שטענדיג טויט איהר דעם משיח,
וועלכער קומט אייך אויסצולעזען.

„אידען־פאָלק, ביזט א נבלה,
וואו עס וואוינען די דעמאנען:
אייער גוף איז א קאזארמע
פאר טייוואָלים מיליאָנען.

„דאָס זאָגט טהאָמאס פון אקווינא,
וואָס מען רופט דעם גרויסען אָקסען
פון דער חכמה, און ער איז
ליכט און לוסט ביי אָרטאָדאָקסען.

„אידען־פאָלק, איהר זייט שאקאלען,
וועלכע גראָבען זיך אין קברים,
אום צו זויגען און צו פרעסען
די באגראָבענע פגרים.

„אידען, הערט, איהר זייט חזירים,
מאַלפּעס זייט איהר, נאָזהאָרן־חיות,
וואָס מען רופט רהינאצעראסען,
פיאַווקעס זייט איהר, איהר הולטייעס.

„וועלף, וואַמפּירען, קראָקאָדילען,
מתים־פּיקער, ראבען, סאוועס,
באזיליסקען, פלעדערמייז,
שלוחים פון דעם מלאך־המות.

„פּיפּערנאָטערס, שלאַנגען, עקדישען,
היישעריקען, בייזע קרעטען,
אָטערן, נאָטערן — קריסטוס וועט אייך
דעם פארפלוכטען קאָפּ צופּלעטען.

„אָדער ווילט איהר, אַ, ארורים,
אייערע נשמות רעטען?
זאָלט איהר פון דעם בית המדרש
אין די קלויסטערס איבערטרעטען.

„אין דאָס ליכט'גע הויז פון ליעבע,
וואו אין דעם געבענשטען בעקען
שלאָגט פאר אייך דער קוואל פון גנאָד —
דאָרט זאָלט איהר די קעפּ איינשטעקען —

„וואשט דאָרט אָב דעם אלטען אדם
און די זינד, וואָס מאכט איהם שווארץ;
פון דעם אלטען כעס דעם שימעל
וואשט אייך אָב פון אייער הארץ.

„הערט איהר ניט משיח'ס שטימע?
אייער נאָמען רופט ער, פראַים!
לויזט אייך אויף קריסטוס'עס ברוסט
פון די לייזיגע חטאים!

„אונזער גאָט, דער איז די ליעבע,
גלייך א לעמעל פאר א קרבן,
און פאר אונזערע עבירות
אויף דעם קרייץ איז ער געשטאָרבען.

„אונזער גאָט, דער איז די ליעבע,
יעזוס קריסטוס איז זיין נאָמען;
זיין געדולדיקייט, עניוות
זוכען מיר אלץ נאָכצוקומען.

„דארום זענען מיר אויך זאנפט,
רוהיג, לייטזעליג און מילד,
קריגען זיך ניט, נאָך דעם לעמעל'ס,
דעם בעל־שלום'ס מוסטערבילד.

„שפּעטער וועלען מיר אין הימעל
ווערען ריינע, פרומע ענגעל,
און שפּאַצירען דאָרט גאָטזעליג,
אין די הענט מיט ליליען־שטענגעל.

„אנשטאָט גראבע קיטלען טראָגען
מיר די ריינליכסטע בגדים
פון מוסלין, בראקאט און זיידענס;
בענדער, פרענז פון גאָלד'נע פאָדים.

„און אוים פליעכטען! גאָלד'נע לאָקען
פלאַטערן דאָרט אויף אונזערע קעפּ;
גאָר די ליעבסטע בתולות פלעכטען
אונז די האָר אין שענע צעפּ.

„וויין־באקאלען וועלען גרעסער,
ברייטער, טיעפער זיין דאָרט אויבען,
אלס די בעכער פון דאָ אונטען,
וואו עס שוימט דער זאפט פון טרויבען.

„דאָך אין געגענטייל פיעל קלענער
פאר דעם ווייבערמויל אויף דר'ערד,
ווערט דאָס פרויענמיילכעל זיין,
וואָס איז אויבען אונז באשערט.

„און די אייביקייט פארברייננגען
וועלען מיר אין טרינקען, שפרינגען,
קושען, לאכען, און באגייסטערט
פרעהליך הללויה זינגען.“

און עס האָט דער קריסט געענדיגט,
און עס גלויבען די ערלים,
אז א ליכט איז אויף אין הארץ, און
שלעפען שוין די טבילה־כלים.

דאָך די אידען האָסען וואסער
און זיי שאָקלען זיך און ברומען.
רב יהודה דער נאווארער
האָט אפּלייקענען גענומען:

„אום מיין גייסט'ס פעלד פעט צו מאכען
פון דיין פרומער זריעה וועגען,
האָסט אויף מיר דו אויסגעשאָטען
צואה־ווערטער גאנצע וועגען.

„יעדער געהט זיך מיט דעם דרך,
ווי ער האָט זיך שוין געוועהנט,
און אנשטאָט דיך דרום צו שעלטען,
דאנק איך דיר גאָר, גוט געמיינט.

„די דרייאיינִיקייטס־אמונה
קאָן פאַר אונז'רע לייט ניט פּאַסען,
וואָס מיט חשבון המשולש
זיך פון קינדהייט אָן באַפאַסען.

„וואָס ניט מעהר ווי דריי פּערזאָנען
אין דיין גאָט זיך דאָרט אויפהאַלטען,
איז ניט קשה נאָך; זעקס טויזענד
געטער גיט עס ביי די אַלטען.

„און דער גאָט, וואָס איהר רופט קריסטוס,
איז מיר אונבאַקאַנט לחלוטין;
מיט זיין מוטער דער בתולה,
בין איך אויך ניט קיין מחותן.

„וואָס פאַר צוועלעף־הונדערט יאָהרען
איז ער אין ירושלים
צרות גרויסע אויסגעשטאַנען —
איז א צער בעלי חיים.

„צי די אידען איהם געטויט,
דאָס איז איצטער שווער צו זאָגען,
ווייל זיין גוף, דער איינצ'גער עדות,
איז אויפ'ן דריטען טאָג פאַרפלויגען.

„און אז ער זאָל עפּיס זיין גאָר
שדי'ס זוהן, בין איך ניט מינדער
דאָך אין ספקות; ווי מיר ווייסען,
האָט ניט אונזער גאָט קיין קינדער.

„אונזער גאָט איז ניט געשטאָרבען,
ווי איין אָרעם קרבן־בעקעל
פאַר דער מענשהייט, איז קיין זיסער
פילאַנטראָפּ, א רב יעקעל.

„אונזער גאָט איז ניט די ליעבע,
קושען זיך איז ניט זיין זאַכע,
דען ער איז א דונער־גאָט,
און ער איז א גאָט פון ראַכע.

„אָהן רחמנות טרעפט זיין צאָרן
אַלע, אַלע בעל־עבירות,
פאַר די טאַטעס ליידען עפּטערס
נאָך די ווייטע, שפּעטע דורות.

„אונזער בורא, דער לעבט אייביג,
אין זיין הימעל, אין דעם ווייטען,
עקזיסטירט ער אָהן א סוף נאָך
דורך די אַלע אייביקייטען.

„אונזער גאָט ער איז א גבור,
ניט קיין אויסגעטראַכטע פּאַנע
מיט א פּנים פון א דאַרער,
אָבגעשלאָגענער הושענא.

„שטאַרק איז ער. אין זיינע הענד
טראָגט ער זון, לבנה, שטערען;
טראָנען ברעכען, פעלקער שווינדען,
ווען ער קנייטשט נאָר אָן זיין שטערען.

„און ער איז א גרויסער גאָט.
דוד זינגט: זיין גרויס, זי איז
אהן א מאָס, עס איז די ערד
ס'ביינקעל אונטער זיינע פיס.

„אונזער גאָט האָט ליעב מוזיק,
פיעדעל שפיעלען, זמירות זינגען;
אבער ווי חזירים קוויטשען
איז איהם, ווען די גלאָקען קלינגען.

„און לויתן הייסט דער פיש,
וועלכער טוט אין ים טיעף ליגען;
גאָט דער האָר האָט איהם באשאפען
זיך צום שפיעל און פארגעניגען.

„טעגליך שפיעלט מיט איהם ער, אויסער
תשעה באב, ווען רום און בבל
האָב'ן צושטערט דעם בית המקדש;
אין דעם טאָג איז גאָט איין אבל.

„דער לויתן וועט די לייננ זיין
הונדערט מיילען, זיין פלוספעדער
איז די גרויס ווי עוג פון בשן,
און זיין עק איז ווי א צעדער.

„דאָך זיין פלייש איז פיעל געשמאקער
פאר די בעסטע עסען־זאכען,
און עס וועט לעתיד לבוא
גאָט דער האָר א סעודה מאכען

„פאר צדיקים און חכמים,
וועלכע ער וועט אויסדערוועהלען —
דעם לויתן, זיין געליעבטען
וועט ער צווישען זיי צוטיילען.

„טיילס מיט ווייסער קנאבעל־ברייע,
טיילס אויך ברוין אין ווייז געזאטען,
מיט בשמים און ראזינעז,
אט איין ערך ווי מאטלאטען.

„אין דער ווייסער קנאבעל־ברייע
שווימען קליינע שטיקלעך רעטיך —
א, דעם מאכל, ברודער יאזע,
וואלסט שוין אויך געגעסען, וועט איך!

„אויך די ברוינע איז א מאכל,
דהיינו דאס ראזינען־יאיכעל,
דאס וועט הימליש וואויל באקומען,
ברודער יאזע, דיין דיק בייכעל.

„וואס גאט קאכט, איז גוט געקאכט!
גלח'על, דו הער נאר דאס אז:
זיי מקיים מצות מילה
און דו קריגסט א שטיק לויתן."

ס'האט געשמאק גערעדט דער רבי,
אפעטיט געמאכט ביי פרעסער,
און די אידען אין התפעלות
שארפען שוין די מוחל־מעסער.

אום אלס זיעגער צו באשניידען
די פון זיי באזיעגטע לייט
און צו קריגען די טראפעען
פון דעם וואונדערליכען שטרייט.

דאָך די קריסטען האלטען פעסט
אַן דעם פאטערליכען גלויבען
און אַן זייער ערל׳שאפט,
לאָזען זיך זי ניט בארויבען.

נאָך דעם אידען רעדט אויפ׳ס ניי
דער קאַטוילישער באקעהרער;
ווידער שילט ער, יעדעם וואָרט
איז א נאכט־טאָפּ, ניט קיין לעערער.

ווידער ענטפערט איהם דער רבי,
רוהיג, שטיל, מיט ישוב דעת;
ס׳קאָכט און זידט איהם אין זיין הארצען,
אבער ער האלט איין זיין כעס.

ער בארופט זיך אויף דער משנה,
גמרא, מדרש און פרושים;
ברייגנט אויך פון דעם תוספות יום־טוב
אויסגעצייכענטע חידושים.

אַבער וואָס פאר אפיקורסות
אויסגעהערט פון גלח האָט ער,
יענער האָט געזאָגט: א רוח
אין דעם תוספות יום טוב׳ס פאָטער.

„דאָס איז איבער שוין און איבער!“
שרייט ער מיט דעם גאנצען כח;
די געדולד האָט איהם געפּלאצט שוין
און עס ברענט איהם שיער דער מח.

„גילט נישט מעהר דער תוספות יום־טוב,
וואָס זאָל גילטען? שרעק און מורא׳ם!
פאר דאָס זינד, גאָט, זיי דיך נוקם!
שטראָף, אָ, גאָט, דעם אפּיקורות!

„דען דער תוספות יום־טוב, גאָט,
דאָס ביזטו! און פאַר פאַרשעמען,
גאָט, דיין גרויסען נאָמען מוזטו
פון דעם גוי נקמה נעמען.

„זאָל דער תהום איהם גלייך פאַרשלינגען,
ווי דעם קרח מיט זיין עדה,
וועלכע זענען אויפגעשטאַנען
געגען דיר מיט בונט און מרידה.

„דונער אוים דיין בעסטען דונער!
שטראָף איהם, גאָט, פאַר דער עבירה —
האָסט געהאַט דאָך פעק און שוועבעל
דו אין סדום און אין עמורה.

„טרעף, אָ, גאָט, די קאַפּוצינער,
ווי דו פרעה האָסט געטראָפען,
ווען מיט גאָלד און זילבער זענען
פון מצרים מיר ענטלאָפען.

„און עס איז אונז נאָכגעלאָפען
פרעה מלך פון מצרים
מיט א גרויסער מחנה, שווערטער
אין די שרעקליכע ידים.

„דאַן דיין יד, מיין גרויסער גאָט,
האָסט אויף זיי דו אויסגעשטרעקט
און דעם פרעה מיט זיין חיל
מיט דעם ים האָסטו באַדעקט.

„טרעף, א גאָט, די קאַפּוצינער,
ווייז די שלעכטע, טמא גוים,
אַז דו האָסט נאָך מאַכט און גבורה,
צו באַשטראָפען די רשעים.

„און דעם רוהם פון דיין נצחון
וועל איך זינגען דאָ און זאָגען,
און, ווי מרים הנביאה,
טאַנצען און די פּויקען שלאָגען.“

איהם מיט כעס איז דער גלח
אין די רייד אריינגעפאלען:
„אלע קללות, אלע חרמות
זאָלען דיר אויף דיין קאָפּ פאלען!

„כ'האָב ניט מורא פאר דיין אבגאָט
און די אלע עבודות זרות,
אשמדי און בעל־זבוב,
בל און בעל און עשתרות.

„כ'לאך מיך אויס פון דיינע רוחות,
פון דיין שווארצען בעל־הגוף,
דען אין מיר איז יעזוס קריסטוס,
כ'האָב גענאָסען פון זיין גוף.

„קריסטוס איז מיין בעסטער מאכל,
איז געשמאַקער פיעל אין טעם,
ווי לויתן מיט די ברייעס,
וואָס עס האָט געקאָכט דער ס"ם.

„אך, אנשטאָט צו דיספּוטירען,
וואָלט איך ליעבער בראָטען, זידען
אויף דעם גרעסטען, שטאַרקסטען פייער
דיך און אלע דיינע אידען.“

און אזוי פאר גאט און גלויבען
פיהרט זיך ברענענדיג דער שטרייט:
יעדער קעמפער גאנץ אומזיסט דאך
קוויטשעט, ווארפט זיך, שילט און שרייט.

שוין צוועלף שעה געוועהרט דער קאמף,
און זיי ווילען נאך ניט רוהען;
מיר שוין ווערט דאס פובליקום
און עס שוויצען שטארק די פרויען.

אויך דער הויף ווערט אונגעדולדיג,
מאנכע דאמע גענעצט פאמעליך.
צו דער שענער קעניגין
ווענדט זיך פרעגענדיג דער מלך:

„זאגט מיר, וואס איז אייער מיינונג?
ווער פוןביידען איז גערעכט?
האט דער רבי צי דער גלח
דא געוואונען דאס געפעכט?"

דאננא בלאנקא קוקט איהם אן,
און ווי טראכטענד איהרע הענטלעך
מיט פארבראכ'נע פינגער דריקט זי
צו דעם שטערען און זאגט ענדליך:

„ווער גערעכט איז, וויים איך ניט —
דאך מיר דאכט — איך בין מיך מודה —
אז דער רבי און דער גלח
טוען שטינקען אלע ביידע."

# נאָכוואָרט צו ראָמאַנצערא.

איך האָב א נאָמען געגעבען דאָס בוך „ראָמאַנצערא“, ווייל אין די געדיכטע, וועלכע זענען דאָ געזאַמעלט, פיהלט זיך מעהר דער טאָן פון ראָמאַנצען. מיט געצעהלטע אויסנאַהמען האָב איך זיי אַלע געשריבען אין משך פון די לעצטע דריי יאָהר, אונטער פאַרשידענע קערפּערליכע שטערונגען און יסורים. גלייכצייטיג מיט דעם „ראָמאַנצערא“ גיב איך ארויס אין דעמזעלביגען פערלאַג אַ ביכעל, וואָס רופט זיך אָן „דאָקטאר פאוסט, א טאַנץ־פּאָעמע מיט זעלטענע מעשות וועגען שדים, מכשפות און דיכט־קונסט“. איך רעקאָמענדיר עס דעם הויכגעשעצטען פּובליקום, וועלכעס וואָלט גערן געוואָלט, ניט אָנשטרענגענדיג דעם מאַרך, ווערען באהאוועגט אין אזעלכע ענינים. איך האָב לכתחלה געהאַט בדעה איינצושליסען דאָס ווערק אין „ראָמאַנצערא“. איך האָב דאָס אבער ניט געטאָן, ווייל דאָס וואָלט געשטערט די איינהייטליכע שטימונג, וועלכע הערשט אין דעם גאַנצען „ראָמאַנצערא“ און גיט איהם צו אַ באשטימטען קאָלאָריט. יענע טאַנץ־פּאָעמע האָב איך געשריבען אין יאָהר 1847, ווען מיין קראַנקהייט איז שוין אפילו געווען ענטוויקעלט ביז צו אַן ערנסטער מדרגה, אָבער זי האָט נאָך ניט געהאַט ארויפגעוואָרפען איהר אומעטיגע כמאַרע אויף מיין געמיט. איך האָב נאָך דאַן געהאַט אויף זיך אַביסעל פלייש און גשמיות; איך בין נאָך ניט געווען אויסגעדאַרט ביז צו דער מדרגה פון הוילע רוחניות, אַנגעטאָן בלויז אין א סקעלעט, וואָס האַלט שוין אין גאַנצען ביים פאַנאַנדערפאַלען. אבער, לעב איך נאָך ווירקליך? פון מיין לייב איז אַזוי פיעל אָפּגעקומען, אז עס איז שוין כמעט ווי גאָר נישט געבליבען, א חוץ די שטים, און מיין בעט דערמאָנט

מיך אַן דעם מכשף מערלינוס'עס קבר, פון וועלכען עס הערט זיך קלאַנגען. יענער קבר געפינט זיך אַבער אין דעם וואַלד בראַצעליאַנד אין דער ברעטאַן, אונטער הויכע אייכען, וואָס זייערע שפּיצען פלאַקערן ווי גרינע פלאַמען אַנטקעגען דעם הימעל. אַט די בוימער מיט זייער פרישען ווינטעלע בין איך דיר, קאַלטע מערלינוס, מקנא, ווארום קיין גרין בלעטעל רוישט ניט אַריין אין מיין מיט מאַטראַצען אויסגעבעטעטען קבר דאַ אין פּאַריז, וואו פון פריה ביז שפּעט הער איך נאָר א טראַסקעריי פון וועגענער, א קלאַפּעריי פון האַמערס, זידלערייען און דאָס צימבלען אויפ'ן קלאַוויר.

דאָס איז א קבר אָהן רוה, דער טויט אָהן די פּריווילעגיעס פון געשטאָרבענע, וועלכע דאַרפען אויף קיין זאַך קיין געלט ניט אויסגעבען, און זיי איז אויך פאַרשפּאַרט צו שרייבען בריעף, וועד רעדט שוין גאָר ביכער. מיין צושטאַנד איז ווירקליך א טרויעריגער. מען האָט שוין מיר אָראָבגענומען א מאָס אויף א טרונע, און אויך אויף א נעקראָלאָג, אבער איך שטאַרב אזוי לאַנגזאַם, אז עס ווערט שוין צו לאַנגווייליג פאַר מיר אליין, ווי אויך פאַר מיינע פריינד. דאָך, נאָר געדולד, אלץ האָט אַן ענדע. אין א שענעם פריהמאָרגען וועט איהר געפינען פאַרשלאָסען דעם באַלאַגאַן, וואו איהר האָט אזוי אָפט געקליבען נחת צוקוקענדיג צו די מאַריאָנעטען שפּיעלען פון מיין הומאָר.

וואָס וועט אבער נאָך מיין טויט ווערען פון די אָרימע קאָמעדיאַנטען, וועלכע איך האָב אזוי פיעל יאָהרען כסדר ביי די דאָזיגע פאַרשטעלונגען באַשעפטיגט? וואָס צ. ב. קען ווערען פון מאָסמאַן'ען? איך פאַרלאָז איהם ניט גערן, און עס נעהמט מיך אָן אַזש פאַר'ן הארצען, ווען איך דערמאָן זיך אָן די פערזען:

איך זעה די קורצע פּיסלעך ניט מעהר,
איך זעה ניט די פלאַכע נאָז:
ער האָט ווי א פּודעל, פריש, פרום, פרעהליך, פריי,
זיך איבערגעקוליעט אין גראָז.

און עס לאָזט זיך אויס, אז ער פאַרשטעהט גאָר לאַטיין! אַט וועגען דעם פּונקט האָב איך אין מיינע שריפטען אזוי אָפט ארויס־

געזאָגט אַ פאַרקעהרטע מיינונג, אַז זי איז אַנגענומען געוואָרען פון דעם עולם אָהן ספקות, און דער אונגליקליכער איז געוואָרען דאָס ציעלברעט פאַר אלעמענס שפּאָט. שול־קינדער פלעגען איהם פרעגען, אין וועלכער שפּראַך איז געשריבען געוואָרען דער „דאָן קיבאָט?" אַז דער אָרימער מאססמאַן פלעגט ענטפערען „אין שפּאַנישער שפּראַך", פלעגען זיי איהם וועלען איינשמועסען, אַז דאָס איז אַ טעות, דאָס בוך איז געשריבען געוואָרען אין לאַטיין, מעהר ניט איהם קומט עס פאַר אזוי ווי שפּאַניש. אפילו זיין אייגענע פרוי איז אנטקעגען איהם געווען אזא אכזר'טע, אַז ווי נאָר עס פלעגט זיך מאכען עפּיס אַ מיספאַרשטענדניס אין הויזיגע זאכען, פלעגט זי זיך וואונדערן, ווארום איהר מאַן קען זי ניט פאַרשטעהען: זי האָט דאָך גערעדט צו איהם דייטש, ניט קיין לאַטיין. מאססמאַן'ס אַ באבע, אַ וועשעריז, וואָס אויף איהר זיטליכקייט איז ניט געווען קיין שום פגם און דערצו נאָך האָט זי אַמאָל געהאט די זכיה צו וואַשען פאַר פרידריך דעם גרויסען, האָט ניט געקענט פאַרטראָגען די בזיונות פון איהר אייניקעל, און זי האָט זיך וועגען דעם געערגערט צום טויט. זיינער אַ פעטער, אַ בכבוד'ער אלט־פּרייסישער שוסטער, וועלכער האָט אייגענטליך נאָר גערעגט לאַטעס אויף שיך, האָט זיך אריינגענומען אין זינען, אַז זיין נעפע האָט פאַרשעמט די גאַנצע משפּחה, און פון פאַרדראָס האָט ער זיך אריינגעלאָזען אין שיכרות.

עס פאַרדריסט מיך זעהר, וואָס איך האָב מיט מיין לייכטזיניקייט און ניט־אויסגערעכענטקייט אין דער יוגענד אַנגעמאכט אזעלכענע צרות. מילא, די געעהרטע וועשעריז קען איך ליידער ניט מאכען צוריק לעבעדיג; דעם פעטער, וועלכער, געקרענקט אין זיינע צערטליכע געפיהלען, וואַלגערט זיך ערגעץ אין אַ רינשטאָק אין בערלין, קען איך מעהר ניט אָבגעוואוינען פון שנאַפּס. אבער איהם אליין, דעם אָרימען קאָמעדיאַנט מאססמאַן, וואָלט איך וועלען אין דער עפענטליכער מיינונג רעהאביליטירען מיט דעם, וואָס איך ערקלער פייערליך, אַז איך האָב חרטה אויף אלץ, וואָס איך האָב ווען עס איז געזאָגט וועגען זיין לאַטיינלאָזיקייט, לאַטיינישער אימפּאָטענץ און זיין **magna linguae romanae ignorantia**

## III.

אזוי, הייסט עס, האָב איך מיר לייכטער געמאַכט מיין געווי־
סען. ווען מען ליגט אויפ'ן טויטענבעט, ווערט מען ווייכהערציג
און עמפּינדליך, עס ווילט זיך דאַן גוט פריינד ווערען מיט גאָט
און דער וועלט. איך בין זיך מודה ומתודה, איך האָב וועמען צו־
דראָפּעט, וועמען געביסען, איך בין געווען ניט קיין שעפּעלע.
גלויבט מיר אבער, אז יענע גוטמוטיגע שעפּעלעך, פון וועלכע מען
קען זיך ניט אפּלויבען, וואָלטען ניט אנגעשטעלט אזא פּרום פּנים,
ווען זיי וואָלטען פאַרמאָגט די צייהנער און די נעגעל פון א טיגער.
צו מיין שבח מוז איך זאָגען, אז מיט די דאָזיגע פון דער נאַטור
באַקומענע וואפען האָב איך זיך נאָר זעלטען באַנוצט. זינט איך נוי־
טיג זיך אליין אין גאָט'ס באַרמהערציקייט, האָב איך איבערהויפּט
אַלע מיינע פיינד געשענקט אן אמנעסטיע. אייניגע שענע געדיכטע,
וועלכע זענען געווען געצילט געגען זעהר הויכע אדער זעהר נידע־
ריגע פּערזאָנען, זענען דעריבער אין דער פאַרליגענדער זאַמלונג נאָר
ניט אריינגענומען געוואָרען. געדיכטע, וועלכע האָבען אנגעריהרט
דעם רבונו של עולם, כאָטש אפילו מיט א האַלבען וואָרט אָדער
נאָר מיט א רמז, האָב איך, ווי אן אמת'ער בעל תשובה, דן געווען
בשריפה: זאָלען בעסער ברענען די פּערזען, איידער דער פּערזענ־
מאַכער. יא, ניט נאָר מיט דער שעפּונג, נאָר אויך מיט'ן בורא האָב
איך פרידען געשלאָסען, צום גרויסען פאַרדראָס פון מיינע אויפגע־
קלערטע פריינד, וועלכע האָבען מיר אויפגעוואָרפען, אז איך בין
אריינגעפאַלען צוריק אין דעם אַלטען אבערגלויבען, ווי זיי געלוסט
זיך אַנצורופען מיין אומקעהר צו גאָט. אנדערע האָבען זיך אין זייער
אינטאָלעראַנץ אויסגעדריקט נאָך שאַרפער. דאָס העכסטע פּרים־
טערטום פון אַטעאיזם האָט מיך אריינגעלעגט אין חרם, און עס
איז דאָ אזעלכע פאַנאַטישע גלחים פון אונגלויבען, וואָס וואָלטען
מיך גערן געוואָלט אויסציהען אויפ'ן פייניגונגס־ברעט, כדי איך זאָל
זיך מודה זיין אין מיין אפּיקורסות. צום גליק, געפינען זיך ניט אין
זייער רשות קיין אנדערע פייניגונגס־אינסטרומענטען, א חוץ זייערע
שריפטען. אבער אָהן פייניגונג בין איך זיך אויך מודה. יא, ווי א
פאַרלאָרענער זוהן, האָב איך זיך אומגעקעהרט צו גאָט, נאָכדעם
ווי איך האָב אזוי לאַנג ביי די העגעליאַנער געפּיטערט חזירים. וואָס

האט מיך געטריבען צוריק? איז דאס געווען די צרות, וואס איך האב געליטען? דא איז געווען פיליכט אן אנדער גרונד, ניט אזא צרה'דיגער. עס איז אויף מיר אנגעפאלען א מין בענקעניש נאך א הימלישען היים, און דאס האט מיך געיאגט דורך וועלדער און טאלען, דורך שמאלינקע סטעזשקעס אויף די שווינדעלדיגע בערג פון דיאלעקטיק. איך האב אפילו אויפ'ן וועג אנגעטראפען דעם גאט פון די פאנטעאיסטען, איך האב זיך אבער מיט איהם ניט געקענט באנוצען. דאס איז עפיס א פאר'חלומ'טעס וועזען, צוזאמענגעוועבט און צונויפגעוואקסען מיט דער וועלט, אין וועלכער ער איז איינגעשפארט, אזוי ווי אין א תפיסה, און ער קוקט דיך נאר אן מיט אן אפענעם מויל, אהנמעכטיג און אהן א שום ווילען. כדי צו האבען א ווילען, מוז מען זיין א פערזאן, און כדי דעם ווילען ארויסצואווייזען, מוז מען קענען פריי באוועגען די איילענבויגענס. גארט מען נאך א גאט, וואס זאל זיין בכח צו העלפען — און דאס איז דאך די הויפטזאך — מוז מען איהם אנעהמען, אלס א פערזענליכקייט, וואס עקסיסטירט באזונדער פון דער וועלט און פארמאגט די הייליגע אטריבוטען: אבסאלוטע גוטסקייט, חכמה און גערעכטיקייט. די אונשטערבליכקייט פון דער נשמה, דאס לעבען נאכ'ן טויט באקומען מיר דאן נאך אלס צוגאב, פונקט ווי די מארכביין, וועלכע דער קצב ווארפט צו אומזיסט די קונדען זיינע, פון וועמען ער איז צופרידען. אזא מארכביין האט אויף דער שפראך פון דער פראנצויזישער קיך א באזונדער נאמען. עס הייסט **la rejouissance**, און מען קאכט דערמיט אויסגעצייכענטע בוליאנס, וועלכע זענען פאר אן ארימען, פארשמאכטען חולה א שטערקונגס־מיטעל און א לאבונג. ווען איך האב זיך פון אזא **rejouissance** ניט אפגעזאגט און האב זיך, פארקעהרט, אנגעכאפט אן דעם מיט פארגניגען, דארף מיר יעדער פיהלענדיגער מענש אין דעם געבען גערעכט.

איך האב דא פריהער דערמאנט דאס גאט פון די פאנטעאיסטען. איך מוז אבער אנמערקען, אז אין עצם איז עס גאר קיין גאט ניט, פונקט ווי די פאנטעאיסטען זעלבסט זענען אייגענטליך ניט מעהר, ווי שעמענדיגע אטעאיסטען, וואס שרעקען זיך ניט

אזוי פאר דער זאך אליין, ווי פאר דעם שאטען, וועלכען זי שלאגט אפ אויף'ן וואנט. פאר דער צייט פון דער רעסטויראציע האבען די מעהרסטע אין דייטשלאנד מיט'ן רבונו של עולם געשפילט די־זעלביגע פופצעהניאהריגע קאמעדיע, ווי עס האבען דא אין פראנק־רייך פאר דערזעלביגער צייט מיט'ן מאנארכיזם געשפילט די קאנס־טיטוציאנעלע ראיאליסטען, וועלכע זענען גרעסטענטיילס אין האר־צען געווען רעפובליקאנער. נאך דער יול־רעוואלוציע האט מען אויף יענער זייט ריין, פונקט ווי אויף דער זייט, די מאסקע ארונטער־גענומען. פון דאמאלסט אן, באזונדערס נאכדעם, ווי מען האט אראפגעווארפען לודוויג פיליפ'ן, דעם בעסטען פון די, וועלכע האבען די דערנער קרוין פון א קאנסטיטוציאנעלען מאנארך ווען געטראגען, פון דאן אן האט זיך אין פראנקרייך אויסגעבילדט די מיינונג, אז נאר צוויי רעגירונגס־פארמען האלטען אוים די קריטיק פון פארנונפט און ערפאהרונג: דאס איז דער אבסאלוטער מאנארכיזם און די רעפובליק; אז מען מוז אויסקלייבען איינס פון דיביידע, ווייל יעדע געמישטע פארם, וואס ליגט צווישען, איז פאלש, שעדליך און קען ניט האבען קיין קיום. פונקט אויף דעמ־זעלביגען אופן איז אין דייטשלאנד ארויפגעשוואומען דער געדאנק, אז מען מוז אויסקלייבען צווישען דער רעליגיאן און דער פילא־זאפיע, צווישען דעם דאגמאטישען גלויבען אין התגלות און דעם לעצטען לאגישען שלום פון דעם דענקען, צווישען דעם אבסאלוטען ביבלישען גאט אין דעם אטעאיזם.

וואס מעהר ענטשלאסענעם מוט איינער פארמאגט, אלץ גי־כער וועט ער פאלען אלם קרבן פון אזעלכע דילעמען. וואס באלאנגט צו מיר, איז אין דער פאליטיק קען איך זיך ניט איבעריגס באריה־מען מיט מיין פארגעשריטענהייט; איך בין געבליבען שטעהען ביי דיזעלביגע דעמאקראטישע פרינציפען, צו וועלכע איך האב אין מיין פריהענדיגער יוגענד געזונגען שירה און וועלכע איך האב וואס ווייטער געקראגען אלץ מעהר התלהבות. דערפאר אבער בנוגע צו דער טעאלאגיע מוז איך אליין זיך באשולדיגען אין צוריקגעשרי־טענהייט, ווייל איך האב זיך אומגעקעהרט — ווי איך האב זיך שוין אין דעם פריהער מודה געווען — צום אלטען אבערגלויבען,—

צו א פערזענליכען גאָט. דאָס איז אַ פאַקט, וואָס לאָזט זיך ניט פארשמירען און פארגלעטען, ווי דאָס האָבען מיט א גוטער כונה פּרובירט אייניגע פון מיינע אויפגעקלערטע פריינד. איך פּראָ־טעסטיר אבער גאַנץ ענטשידען געגען דער מעשׂה, וואָס מען האָט אויף מיר אויסגעטראַכט, אז מיין צוריקגעשריטענהייט האָט מיך געבראַכט צו פיהרען ביז צום שוועל פון א קירכע, וועלכע האָט שוין אפילו אויפגענומען מיך אין איהר שוים. ניין, מיינע רע־ליגיעזע אנזיכטען און איבערצייגונגען זענען עד היום געבליבען פריי פון וועלכער עס איז קירכליכקייט; דער גלאָקען־קלאַנג האָט מיך ניט באַרוישט, און די ליכט פון אַלטאַר האָבען מיך ניט פאַר־בלענדט.

איך האָב ניט געשפּילט אין קיינע סימבאָליק, און האָב מיין פארנונפט נאָך ניט אין גאַנצען אַפּגע'גט. איך האָב ניט געגעבען קיין שבועה אַפּצוזאָגען זיך פון וועמען עס איז, ניט אפילו פון מיי־נע אַלטע היידנישע געטער; פון די לעצטע האָב איך זיך אפילו אַפּגעקעהרט, אבער מיר זענען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אין ליעבע און פריינדשאַפט. עס איז געוועזען אין מאי 1848, אין יענעם טאָג, ווען איך בין צום לעצטען מאָל ארויסגעגאַנגען פון הויז; דאַן האָב איך גענומען אַפּשייד פון די ליעבליכע געשטאַלטען, וועלכע איך האָב אַזוי פאַרגעטערט אין דער צייט פון מיין גליק. מיט מיה האָב איך זיך קוים דערשלעפּט צום לואוור, און איך בין שיער ניט גע־פאַלען אין אָהנמאַכט, ווען איך בין אריין אין דעם הויכען זאַל, וואו די הערליכע געטין פון שענהייט, אונזער ליעבע פרוי פון מילא, שטעהט אויף איהר פּאָסטאַמענט, צופוסען פון איהר בין איך געלעגען לאַנג און האָב אַזוי ביטערליך געוויינט, אז א שטיין האָט געקענט צוגעהן.

די געטין האָט אַרונטערגעקוקט צו מיר מיטליידיג, אבער אין דערזעלביגער צייט טרויסטלאָז, אַזוי ווי זי וואָלט געוואָלט זאָגען: „זעהסט דען ניט, אז איך האָב ניט קיין אַרימס און קען דיר דערי־בער ניט העלפען?"

דאָ האַק איך אָפּ, ווייל איך זעה, איך פאַל אריין אין א וויינענדיגען טאָן, וועלכער נעהמט מיך דורך נאָך פיעל מעהר,

ווען איך טו נאָר א טראכט, אז אויך פון דיר, טייערער לעזער, מוז איך באלד אפּשייד נעהמען. א געוויסע ריהרונג פאר׳גנב׳עט זיך צו מיר ביי דעם געדאנק, וואָרים איך שייד זיך פון דיר ניט גערן. סוף כל סוף געוואוינט זיך צו דער פּארפּאסער צו זיין פּובליקום, פּונקט ווי דאָס וואָלט געווען א פּארניגפּטיגעם ווענען. עס ווייזט אויס, אז דו ביזט אויך אביסעל פאר׳דאגה׳ט, וואָס איך קלייב זיך צו זאָגען דיר „זיי געזונט“. דו ביזט גערייהרט, מיין טייערער לע־זער, און קאָסטבארע פּערל פּאלען ארויס פון דיינע טרעהרען־ביי־טעלעך. אָבער, בארוהיג זיך, מיר וועלען זיך נאָך זעהען אין א בע־סערער וועלט, וואו איך האָב אויך בדעה צו שרייבען פאר דיר בע־סערע ביכער. נאַטירליך, דאָס איז אלץ גערעדט, ווען מיין געזונד־ווערט זיך דאַרטען פארבעסערען און ווען דאָס, וואָס הער שווע־דענבארג דערצעהלט אונז פון יענער וועלט, איז ניט קיין ליגען.

וועדליג ער דערצעהלט אויף זיינע נאמנות, ווערט אונזער אָרגאַנישע ענטוויקלונג אפילו אויף א האָר ניט געשטערט דורכ׳ן טויט: אונזער פּערזענליכע אינדיווידואליטעט בלייבט אונפּארענ־דערט און גאנץ, און אויף יענער וועלט זעצען מיר פּאָר גאנץ רוהיג דיזעלביגע עסקים, מיט וועלכע מיר זענען געווען פאַרהאַוועט אויף דער וועלט. שוועדענבארג איז אן עהרליכער יונג, און ער איז באַגלויבט אין זיין באשרייבונג פון יענער וועלט, וואו ער האָט מיט זיינע אויגען געזעהען די פּערזאָנען, וועלכע האָבען אויף אונ־זער ערד א ראָלע געשפּיעלט. דאָס רוב פון זיי, זאָגט ער, האָבען זיך גאָר ניט געענדערט, און זיי זענען פארנומען מיט דיזעלביגע זאכען, מיט וועלכע זיי האָבען זיך פריהער באשעפטיגט: זיי האָבען זיך נאָר אָפּגעשטעלט אין זייער ענטוויקלונג, געוואָרען עפּיס אלטפרענקישעם, א מין ראקאקא, וואָס צייכענט זיך אויס צייטענ־ווייז דורך זיין לעכערליכקייט. אזוי צ. ב. איז אונזער פריינד, דאָק־טאר מאַרטין לוטער, געבליבען שטעהען ביי זיין שיטה פון חסד און אין משך פון דרייהונדערט יאָהר האָט ער טאָג טעגליך וועגען דעם געשריבען דיזעלביגע פארשימעלטע סברות — גאָר ווי דער פארשטאַרבענער באראָן עקשטיין, וואָס האָט צוואנציג יאָהר נאכאנאנד אין דער „אלגעמיינער צייטונג“ געלאָזט דרוקען דעמ־

זעלביגען ארטיקעל, וואו ער האָט די אלטע יעזואיטישע בויך־
סברות שטענדיג מעלה גרה געווען. אבער, ווי געזאָגט, ניט אלע
פערזאָנען, וואָס האָבען אויף ד ע ר וועלט א ראָלע געשפּילט, האָט
שווערבאָרג דאָרטען געטראָפען אין אזא שטיינארטיגער פארגלי־
יכונג. אייניגע האָבען דאָרטען ווייט אויסגעבילדט זייער כאַ־
ראַקטער, סיי צום גוטען, סיי צום בייזען, און דאָ זענען פאָרגעקומען
וואונדערליכע ערשיינונגען. העלדען און הייליגע זענען געפאַלען
ביז צו דער מדרגה פון הולטייעס און לומפּען, און פאַרקעהרט האָט
אויך פּאַסירט. צ. ב., ווען דער הייליגער אנטאָני האָט זיך דער־
וואוסט, ווי ווייט די קריסטליכע וועלט פאַרעהרט איהם און פאַר־
געטערט, האָט זיך פון גאוה ביי איהם פאַרדרעהט דער קאָפּ, און
ער, וואָס האָט אויף ד ע ר וועלט געקענט ביישטעהען דעם גרעסטען
נסיון, איז גראָד דאָרטען געוואָרען אַן אויסגעלאַסענער הולטיי און
בעל־תאוה, א גראָבער חמר, וואָס וואַלגערט זיך אין שמוץ, ווי א
חזיר. די אונשולדיגע שושנה, וועלכע האָט געגלויבט, אז קיין זאַך
אין דער וועלט וועט ניט גובר זיין איהר זיטליכקייט, האָט זיך
דערמיט אזוי איבערגענומען, אז דאָס גופא האָט איהר אויפ׳ן
שענדליכסטען אופן געבראַכט צום פאַלען, און זי, וואָס האָט זיך
אמאָל אזוי מוטיג געשטעלט געגען די אלטע, האָט זיך געלאָזט
פאַרפיהרען פון דעם יונגען אבשלום, דוד׳ס זוהן. פאַרקעהרט,
לוט׳ס טעכטער זענען פאַר דער צייט געוואָרען לייטיש, און אויף
יענער וועלט האַלט מען זיי גאָר פאַר מוסטער פון אנשטענדיקייט;
דער אלטער לוט אבער איז ביים גלעזעל וויין ליידער געבליבען.

ווי נאַריש עס קלינגט, ליגט דאָך אין די דאָזיגע באשרייבונגען א
וויכטיגער און טיעפער געדאַנק. דער גרויסער סקאַנדינאַווישער נביא
האָט באַנומען די איינהייט און די אונטיילבאַרקייט פון אונזער
עקסיסטענץ, ער האָט אויך ריכטיג אָפּגעשאצט און אנערקענט די
אונפאַרפערמדבאַרע רעכט פון דעם מענשען אלס אינדיווידום. די
יענע וועלט איז ביי איהם ניט קיין אידעאַלער מאַסקאַראַד, וואו
מיר טוען אַן אויף זיך נייע קליידער און מיר ווערען אויך גאַנץ
נייע מענשען: דער מענש און זיינע מלבושים בלייבען ביי איהם
אונפאַרענדערט. אין שווערענבאָרג׳ס יענער וועלט וועלען זיך פיה־

## IX.

לען באקוועם אפילו די ארימע גרענלענדער, וואס, אז די דענישע מיסיאנערען זענען צו זיי געקומען פרעדיגען קריסטענטום, האבען זיי די ערשטע זאך געפרעגט: צי אויפ'ן קריסטליכען הימעל געפינען זיך אויך ים־הינט? ווען זיי האבען דערהערט, אז ניט, האבען זיי געענטפערט מיט צער: אויב אזוי, דאן טויג ניט דער קריסטליכער הימעל פאר גרענלענדער, וועלכע קענען אהן ים־הינט ניט אויסקומען.

אך, ווי אונזער נשמה וועהרט זיך דאס געגען דעם געדאנק פון אייביגער פארניכטונג, פון אויפהערען זיין אלס פערזענליכקייט! די מורא פאר פוסטקייט, וועלכע מען האט אמאל געוואלט אנבינדען דער נאטור, איז גאר א געבארענע אייגענשאפט פון דעם מענשליכען געמיט. אבער, פאל ניט אראפ ביי זיך, טייערער לעזער, עס איז דא א יענע וועלט, און מיר וועלען נאך דארטען אויך אונזערע ים־הינט ווידער געפינען.

נו, זיי מיר געזונט, און טאמער בין איך דיר עפעס געבליבען שולדיג, מעגסט דו מיר ארייבשיקען א רעכנונג.

גערשריבען אין פאריז, דעם 30טען סעפטעמבער, 1851.

היינריך היינע.

# ראָמאַנצעראָ

איז איבערזעצט אונטער דער רעדאַקציאָן פון

אברהם רייזען.

## פון „נייעם פריהלינג".

1.

די בלום וואָס איך ליעב, זי קען איך ניט געפינען,
דאָס טוט אזוי וועה.
איך זוך אין די בלומען פארנאכט און באגינען,
א הארץ טיף אין זיי.

עס דופטען די בלומען, די זון איז פארגאנגען,
די נאכטיגאל זינגט.
איך זוך אזא הארץ אום ווי מיינס, מיט פארלאנגען,
וואָס בלוטיגט און זינגט.

די נאכטיגאל זינגט, איך הער און פארשטעה איצט
איהר זיסען געזאנג;
אונזביידען איז באנג, אזוי באנג אזוי וועה איצט
ווי וועה און ווי באנג.

2.

דער מאַי איז אנגעקומען,
די בלומען און ביימער בליה'ן,
און דורך דער הימעלבלויקייט
די רויזיגע וואָלקען ציה'ן.

די נאכטיגאלען זינגען
אראָפּ פון דער בלעט'ריגער הויך,
די ווייסע לעמער שפּרינגען,
דאָס גראָז איז גרין און ווייך.

איך קען נישט זינגען און שפּרינגען,
איך ליג א קראַנקער אין גראָז;
איך הער פון װײטען קלינגען,
מיר טרױמט — איך װײס נישט װאָס.

3.

אויב דו האָסט נאָר גוטע אויגען,
קענסטו זעהן אין מײנע ליעדער,
װי עס בלאַנקעט אום א מײדעל
דאָרט מיט שלאַנקע װײסע גלידער.

אויב דו האָסט אויך גוטע אויערען,
קענסטו דאָרט איהר שטימע הערען;
פון איהר זיפצען, לאַכען, זינגען
װעט דײן הארץ צוגאַנגען װערען.

װײל זי װעט מיט װאָרט און בליקען,
פּונקט װי מיך, אויך דיך פאַרפיהרען,
א פאַרליעבטער פריהלינג־טרױמער
װעסטו זיך אין װאַלד פאַרלירען.

4.

איך װאַנדעל צװישען בלומען,
און בליה אליין אויך מיט;
איך װאַנדעל װי אין חלום,
און פאַל אויף יעדען שריט.

אָ, האַלט מיך פעסט געליעבטע!
איך בין פון ליעבע פול,
איך פאַל דיר צו די פיס נאָך
דער גאָרטען איז מיט מענשען פול.

5.

זאָג מיר, ווער האָט דאָס דעם זייגער פאַרטראַכט,
וואָס צעהלט די מינוטען בייטאָג און ביינאַכט?
אַ טרויריגער מאַן איז דאָס זיכער געווען,
וואָס פלעגט אין די ווינטערנעכט זיצען אַליין,
און צעהלען דאָס קוויטשען פון מייז אין זיין חדר,
און ס'פּיקען און קלאַפּען פון האָלצווערים כסדר.

זאָג מיר, ווער האָט דאָס די קושען פאַרטראַכט?
אַ מויל, וואָס געגליהט האָט, געשמייכעלט, געלאַכט;
ס'פלעגט קושען און גאָרנישט ניט טראַכטען דערביי.
געמוזט האָט דאָס זיין אויך אין חודש פון מאַי,
די בלימעלעך זענען פון דר'ערד ארויסגעשפּרונגען,
די זון האָט געלאַכט, און די פייגעל — געזונגען.

6.

אמאָל איז געוועזען אַ מלך,
געווען איז ער אַלט שווין און מאַט,
דער אַלטער, דער אָרעמער מלך
אַ ווייב האָט אַ יונגע געהאַט.

אַ פּאַזש איז געוועזען אַ בלאָנדער
און יונג, אזוי יונג נאָך און שען,
טראָגט ער די שלעפּ פון דער מלכה,
אוואו נאָר די מלכה פלעגט געהן.

זאָג, קענסטו דאָס לידעל דאָס אַלטע?
עס קלינגט אזוי באַנג און באַטריעבט;
געמוזט האָבעןביידע זיי שטאַרבען,
זיי האָבען זיך צופיעל געליעבט.

7.

כ'האָב אמאָל ביינאכט געזעהען
דורך דעם וואלד די עלפען רייטען:
האָב געהערט די טרובעס, גלעקער
הילכען, קלינגען אין דער ווייטען.

זיי'רע ווייסע פערדלעך האָבען
גאָלד'נע הירשהערנער געטראָגען,
און ווי ווילדע שוואַנען האָבען
זיי אין לופט זיך דורכגעטראָגען.

לאַכענדיג האָט זייער מלכה
מיך באַגריסט אין שנעלען רייטען:
איז ס'אַ סימן — נייע ליעבע,
אָדער זאָל דאָס טויט באַטייטען?

8.

מיט פיעל פאַרדרוס אין קאַלטען הארצען טראָגען
די יאָהרען מיך פאַרדריסליך דורך דער וועלט.
אַ נעבעל הילט ארום דאָס טויטע פעלד.
סוף הערבסט. די פייכטע שטורעמווינטען יאָגען.

די ווינטען פייפען, טראָגען אין דער געגענד
די דאַרע, רויטע בלעטער אום פון וואלד.
עס זיפצט דער וואלד. עס דאַמפט דאָס פעלד. ס'ווערט
קאַלט,
און איצטער קומט דאָס ערגסטע נאָך, עס רעגענט!

## פון „סעראַפינע".

1.

ווען איך וואַנדעל אין דעם אָבענט
דורך דעם טרוימענדיגען וואַלד,
וואַנדעלט שטענדיג ביי דער זייט מיר
מיט דיין צערטליכע געשטאַלט.

איז דאָס נישט דיין ווייסער שלייער?
איז דאָס נישט דיין ליעב געזיכט?
אָדער לייכט דאָס דורך די בוימער
זיך נאָר דורך לבנה־ליכט?

אָדער מיינע אייג'נע טרערען,
הער איך פליסען נאָכאַנאַנד?
אָדער געהסטו, ליעבסטע, ווירקליך,
וויינענדיג מיט ביי מיין האַנט?

2.

דאָס איז אַ ווייסע מעווע,
וואָס פלאַטערט אין דער הויך
איבער די טונקלע אינדען;
די לבנה שטעהט הויך און בלייך.

דער האַיפיש און דער ראָכע,
זיי שטעקען פון ים אַרויס,
אַרויף און אַראָפּ פליהט די מעווע,
די לבנה שטעהט הויך און גרויס.

א ליעבע וואנדער־נשמה
דו געהסט פון טרויער אוים!
צו גאהנט ביזטו צום וואסער,
די לבנה שטעהט הויך און גרוים.

3.

ווי גאלדיג שטראהלט דער גרויסער ים
אין רויטען זונען־שיין!
ווען איך וועל שטארבען, ברידער, ווארפט
מיך אינ׳ם ים אריין.

ניט איינמאל האט דער ווילדער ים
מיין הארץ וואס איז פאראומערט, קראנק,
מיט זאנפטע וועלען לייכט געטרייסט.
מיר ליעבען זיך שוין לאנג.

4.

עס זעגעלט מיט זעגלען מיט שווארצע מיין שיף
אין ים אין דעם ווילדען אצינד;
דו ווייסט דאך, אז איך בין פאראומערט און קראנק
דאך קרענקסטו מיך מעהר נאך, מיין קינד.

עס פלאטערט דאס הארץ דיינס אהין און אהער
ס׳איז פאלש און ניט טריי, ווי דער ווינד;
עס זעגעלט מיט זעגלען מיט שווארצע מיין שיף
אין ים אין דעם ווילדען אצינד.

## טראגעדיע.

1.

אנטלויף מיט מיר און ווער מיין ווייב
און רוה זיך אויף מיין הארצען אוים;
מיין הארץ וועט אין דער פרעמד דיך זיין
דיין פאטערלאנד און פאטערהויז.

און געהסטו נישט מיט מיר אוועק,
דאן שטארב איך דא פון וועה און פיין;
און כאטש דו בלייבסט אין פאטערהויז,
וועסטו ווי אין דער פרעמד נאר זיין.

2.

(דאס איז אן אמת׳דיג פאלקסליעד, וואס איך האב געהערט ביים רהיין.)

א פראסט איז געפאלען אין דער פריהלינג־נאכט,
געפאלען אויף צארטע בלויבלימעלעך.
זיי זענען פארדארט און פארוויאנעט.

געליעבט האט א יונגעל א מיידעלע,
זיי זענען בגנבה אוועק פון דער היים.
געוואוסט האט נישט טאטע, נישט מאמע.

זיי האבען געוואנדערט אהין און אהער,
זיי האבען קיין גליק און קיין שטערען געהאט,
זיי זענען פארוועלקט און געשטארבען.

3.

אויף זייער קבר א לינדענבוים שטעהט,
דארט פייפען די פייגעל, דער אבענט־ווינט וועהט,
און אונטען אויפ׳ן גרינעם באוואקסענעם פלאץ
דער מילנער־יונג זיצט זאלבענאנד מיט זיין שאץ.

עס בלאָזען די ווינטען אי שרעקליך, אי לינד,
די פייגעל, זיי זינגען זיסטרויריג אין ווינד,
דאָס רעדעוודיג פּאָרעל בלייבט שטיל אויפ'ן גראָז,
זיי ווייגען, און ווייסען אליין נישט פאַרוואָס.

## פון די „ראָמאַנצען".

### פריהלינג-פעסט.

דאָס איז דעם פריהלינגס טרויריגע לוסט!
די בליהענדע מיידלעך אין וואלד אומעטום,
זיי וויינען און לויפען אין אנגסט ארום,
מיט פלאַטערענדע האָר און אָפענער ברוסט —
„אדאָנים! אדאָנים!"

עס פאלט צו די נאכט. ביים פאקעלשיין
זיי זוכען אלץ, זוכען אין דעם וואלד.
און טרויריג ווילד אַן עכאָ פאלט
פון וויינען און לאכען, פול שרעק און פיין —
„אדאָנים! אדאָנים!"

דער יונגלינג ליגט אין וואלד אויף דר'ערד,
דער וואונדערשענער, בלייך און טויט,
זיין בלוט פארבט אלע בלומען רויט —
אַ יאָמערען אין לופט זיך הערט:
„אדאָנים! אדאָנים!"

### טשאַילד האַראָלד.

שווימט אַ שטארקע שווארצע בארקע,
פול מיט טרויער שווימט זי שטיל.
דאָרט פארמומטע און פארשטומטע
טויט באגלייטער זיצען פיעל.

און דער דיכטער, טויט דארט ליגט ער
מיט אן אפענעם געזיכט,
און זיין בלויע אויג מיט טרויער
שטארט נאך אלץ אין הימעלסליכט.

פון די טיפען קלינגט, ווי רופען
וואלט א קראנקע נימף דארט טיף.
וועלען קלאגען און צושלאגען
זיך אן שווארצען ראנד פון שיף.

## ריטער אלאף.

1.

פאר דעם דאם צוויי מענער שטעהען,
טראגעןביידע רויטע מאנטלען.
איינער פון זיי איז דער קעניג,
און דער תליון איז דער צווייטער.

און צום תליון זאגט דער קעניג:
„אן געזאנג, וואס כ׳הער, דערקען איך,
אז געענדיגט איז די חתונה —
האלט איצט גרייט דיין בלאנקע האק.“

גלעקער קלינגען, ס׳רוישט דער ארגעל,
און דאס פאלק שטראמט פון דעם קלויסטער:
בונטע מאסען, אין דער מיטען
געהט געצירט דאס יונגע פארעל.

טויטבלאס און געדריקט און טרויריג
איז די שענע קעניגס-טאכטער:
פרעך און פרעהליך איז הער אלאף,
און זיין מויל איז רויט און שמייכעלט.

מיט דעם רויטען מויל, און לאביג
זאגט ער צום באטריבטען קעניג:
„א גוט מארגען דיר, מיין פאטער,
היינט וועט דיר מיין קאפ געהערען.

„היינט נאך וועל איך שטארבען — לאז מיך
נאר ביז האלבע נאכט נאך לעבען,
איך וועל פאר מיין חתונה מאכען
א באנקעט מיט טענץ און פאקלען.

„לאז מיך לעבען, לאז מיך לעבען,
ביז דער לעצטער כוס איז לעדיג,
ביז דער לעצטער טאנץ געטאנצט איז —
לאז ביז האלבע נאכט מיך לעבען!“

און צום תליון זאגט דער קעניג:
„זאל געשענקט זיין אונזער איידעם
נאך ביז האלבע נאכט זיין לעבען —
האלט געגרייט דיין בלאנקע האק.“

2.

הער אלאף זיצט אין גלאנץ און שיין,
און טרינקט זיין לעצטען כוס מיט וויין.
אן איהם זיצט אנגעלעהנט
זיין ווייב און וויינט —
דער תליון שטעהט פאר דעם טויער.

דער קאראהאד הויבט ווילד זיך אן,
הער אלאף נעמט זיין ווייב אין קאן,
זיי טאנצען אין פאקעלגלאנץ
דעם לעצטען טאנץ —
דער תליון שטעהט פאר דעם טויער.

די פידלען שפּילען לוסטיג און ליעב,
די פלייטען זיפצען טרויריג און טריב.
ווערביידען טאַנצען זעהט,
דעמ'ס פרייד פאַרגעהט —
דער תליון שטעהט פאַר דעם טויער.

און ווי זיי טאַנצען אין זאַל אום אַזוי,
הער אַלאַף מורמעלט שטיל צו זיין פרוי:
„דו ווייסט נישט ווי איך האָב דיך ליעב —
און דער טויט איז אַזוי טריב" —
דער תליון שטעהט פאַר דעם טויער.

3.

הער אַלאַף, עס איז האַלבענאַכט,
דיין שעה האָט אויסגעשלאַגען!
דו האָסט, ווי דיין באַגעהר איז געווען,
א קעניגס-קינד געקראַגען.

מאַנאַכען מורמלען דאָס טויטענגעבעט,
דער מאַן אין ראָק, אין רויטען,
ער שטעהט גרייט מיט זיין בלאַנקער האַק
ביים שווארצען שטיין צו טויטען.

הער אַלאַף געהט אין הויף אַראָפּ,
פאַרביי ליכט און שווערדען געהט ער.
עס שמייכעלט דעם ריטער'ס פאַרביג מויל,
און שמייכלענדיג דאַרטען רעדט ער:

„איך בענש די לבנה, איך בענש די זון,
די שטערען אין הימעל, וואָס גליהען;
איך בענש אויך די קליינע פויגעלעך,
וואָס צוויטשערען, זינגען און פליהען.

„איך בענש דעם ים און איך בענש די ערד,
די לאנקע מיט בלומען פארצויגען;
די פייגעלבלעך בענש איך, זיי זענען מילד
אזוי ווי מיין פרוי׳ס ליעבע אויגען.

„איהר פייגעלבלעך־אויגען פון מיין פרוי,
דורך אייך פארליר איך מיין לעבען!
איך בענש אויך דעם האלונדער־בוים,
וואו דו האסט זיך מיר אפגעגעבען.“

## אלי באי.

אלי באי, דער העלד פון גלויבען
ליגט באגליקט אין מיידעל־ארעמס,
אלאה גיט איהם צו געניסען
אויף דער ערד שוין פון גן־עדן.

אדאליסקען, שען ווי האורים,
און באוועגליך ווי גאצעלען —
קרייזעלט איינע איהם די בארד נאר,
גלעט די צווייטע איהם דעם שטערען.

און די דריטע אויף דער לוט שפילט,
זינגט און טאנצט און קושט איהם לאכיג
אויף זיין הארצען, וואו די פלאמען
פון גליקזעליקייטען גליהען.

פלוצים זיך דערהערט אין דרויסען
די טרומייטערס, שווערדען קליגגען,
ביקסען קנאלען, קריגער קולות —
„הער, די פראנקען אויף אונז קומען!“

און דער העלד באשטייגט זיין קריגספערד,
פליהט צום קאמף, דאך ווי אין חלום,
ווייל איהם דאכט זיך, אז ער ליגט נאך
אלץ אין ליעבע מיידעל־ארעמס.

און ווען ער צו גאנצע טוצען
פראנקענקעפ ארונטערזעבעלט,
לאכט ער פונקט ווי א פארליעבטער,
יא, ער לאכט אי מילד, אי צערטליך.

# פארשידענע ליעדער.

1.

איך געדענק די שעה, די זיסע,
ווען דו ביזט צו מיר געקומען,
און האסט אין מיין קליינע תפיסה
מיר געבראכט מאיאווע בלומען;

שענע רייצענדע פרינצעסין,
דו אליין האסט דעם פאעט
אין זיין עלענד ניט פארגעסען
קרוינען מיט א מאי־בוקעט.

לאנג איז שוין דיין בלום געשטארבען,
דאך איהר פארב, איהר רויטע פארב
האט די צייט מיר ניט פארדארבען,
און זי לעבט אויך ווען איך שטארב.

2.

ווען איך הייראט, וועל איך שטרעבען,
אז מיין פרוי זאל פראכטפאל לעבען;
וואס זי וועט ניט טאן, ניט זאגען,
וועל איך העפליך איבערטראגען.

דאך, ווען זי וועט זיך ערלויבען
מיינע ווערק אמאל ניט לויבען,
מיך ניט קרוינען אלס פאעט,
רוף איך תכף זי צום גט!

3.

איך מאך די קליינע ליעדער
פאר דיר, געליעבטע מיין.
זיי הויבען די קלינגענדע פליגלען
און פליהען צו דיר אריין.

און דיינע צולאָזענע קינדער
האט דיר דיין מאן געמאכט;
זיי טאַנצען און לויפען און קווימשען
דעם גאנצען טאָג און ביינאכט.

די געסט אונטערהאלטען זיך גערן
ביים קלאנג פון מיינעם א ליעד;
נאר ווען די קליינוואַרג שרייען,
ווערען זיי נערוועז און מיעד.

און יענער, וואָס האט דאָס געזונגען,
ליעגט איינער אליין אין דער נאכט;
ער וואָלט שוין ליעבערשט די אינגלעך
איידער די ליעדער געמאכט.

4.

שטורמדיג לויפט די בלוט. די ליפען
דורשטען היים נאָך ליעבעס קושען;
נאר מיר געהען שווייגענד ווייטער
אינ'ם שיין פון דער לבנה.

וואס איך וויל דיר גערן זאָגען,
ווייס איך, ווערט זיך שעהמען הערצען;
נאר די אויגען דיינע שמייכלען
און זיי פינקלען ווי די שטערען.

נאָך די באַקען ווערען בלאַסער
און דער אָטעם קירצער, הייסער;
און מיר געהען ווייטער שווייגענד
אין דעם שיין פון דער לבנה.

5.

איך האָב געהאַט אַ שען, ליעב פאַטערלאַנד:
דער אייכענבוים
שטעהט הויך דאָרט, און די וויאָלעט זיך נייגט —
דאָס איז געווען אַ טרוים.

דאָרט האָט מען מיך געקושט, געזאָגט אויף דייטש
(פאַראַנען קוים
נאָך אַזאַ צויבערקלאַנג) „Ich liebe dich" —
דאָס איז געווען אַ טרוים.

# פון די „צייט לידער".

## די שלעזישע וועבער.

אין פינסטערען אויג קיין טרער נישט צו זעהן.
זיי זיצען ביים וועבשטוהל און קריצען די ציין:
„דייטשלאנד, מיר וועבען דיין טויטען־טוך.
מיר וועבען אריין דעם דרייפאכען פלוך —
מיר וועבען, מיר וועבען!

„א פלוך דעם גאט, צו וועלכען אין נויט
מיר האבען געבעטען, געזועסען אהן ברויט;
מיר האבען אומזיסט געהאפט און געווארט.
מען האט אונז פארלאכט און פארשפאט און גענארט—
מיר וועבען, מיר וועבען!

„א פלוך דעם קעניג, דעם קעניג פון רייך,
וואס אונזער פרייד און לייד איז איהם גלייך,
וואס רויבט אונזער ארבייט, וואס זויגט אונז און שינדט
און לאזט אונז אצינדער דערשיסען ווי הינט —
מיר וועבען, מיר וועבען!

„א פלוך דעם פאלשען פאטערלאנד,
וואו ס'וואקסט פאר אונז נאר שפאט און שאנד,
וואו יעדע בלום ווערט פריה צודריקט,
וואו מיסט און פוילנים דעם ווארים דערקוויקט —
מיר וועבען, מיר וועבען!

„דאס שיפעל פליהט, דער וועב־שטוהל קראכט,
מיר וועבען פלייסיג טאג און נאכט —
אלט־דייטשלאנד, מיר וועבען דיין טויטען־טוך,
מיר וועבען אריין דעם דרייפאכען פלוך,
מיר וועבען, מיר וועבען!

## פראגמענט.

דו האסט דעם רעכטען וועג אצינד באטראטען:
נאר אין דער צייט קענסטו א טעות האבען.
עס זענען ריחות נישט פון לויטער בשמים,
וואס זענען מיר פון דייטשלאנד צוגעשוואומען.

מיר טארען נישט טראמפייטערען פון נצחון,
ווי לאנג עס טראגען שווערדען אונזערע זעלנער:
איך ציטער ווען די שלאנגען פייפען ליעבע
און וואלף און אייזעל פרייהייטס־ליעדער ברומען.—

## א ס צ ע נ ע.

(די זון, דער דיכטער, אפען, פרעש, מויל־וואורף און א גליה־ווארים.)

די זון:
וואס געהען מיך דיינע אויגען אן,
אז איך טו מיין רעכט?
שטראהלען מוז איך, יא — איך מוז!
אויף הער און קנעכט!

וואס געהן מיך דיינע אויגען אן?
דו — טו אויך דיין זאך! —
נעם א ווייב דיר, האב א קינד,
און — מיך לאז געמאך!

שטראהלען מוז איך, יא, איך מוז,
כ'קאָן נישט געהן צוריק! —
און וואָס אַרט דיך, אז איך וואַרף
אמאָל אַראָפּ א בליק?

---

דער דיכטער:
אָט, מיט דעם האלט איך מיך גרוים,
וואָס איך לייד דיין בליק!
שענהייט זעה איך נאָר אין ליכט
און אין פלאַמען — גליק!

איצטער בין איך, לײדער, שוואַך,
האָסט מיך מיד געמאַכט!
אויף די מידע אויגען פאַלט
שווער אַראָפּ די נאַכט!

---

די אַפּען: (כאָר)
מיר אַפּען, מיר אַפּען,
מיר קוקען און גאַפּען,
ארויף צו דעם ברענער, דעם אַלטען!
ער קען אונז נישט שטערען,
ער קען זיך נישט וועהרען,
ער קען זיך פאר אונז נישט באהאַלטען.

---

די פרעש:
אין וואסער איז נאַס
און גוט, אָהן א שפּאַס!
עס לעבט זיך דאָך בעסער און פרייער!
ווער ווייסט פון א קוואַל?
עס דעמפּט זיך דער שטראַהל,
עס קיהלט זיך דאָס העלישע פייער!

ניסט מיט אזא כח
שלאגט דא שוין אין מוח
דער מערדער, דער הימלישער ברענער!
שטיל לעבט זיך און — שא!
קווא — קווא, קווא — קווא!
אין זומפּעל איז בעסער און שענער!

---

דער מויל־וואורף:
לא היה ולא נברא! אין הימעל זאל ברענען
א גאלדענע שיסעל!
טיילמאל דערפיהל איך אביסעלע ווארעם
און קראַץ מיך אביסעל!

---

דער גליה־ווארים:
זעה נאר די ריים, ווי זי פלאמט אינ'ם ראד!
און ברענט אין די אויגען, מען שוויצט ווי אין באד!
זעה נאר די גרויסקייט, די פראכט!
פיש! איך בין אויב'עט א ליכטיגע זאך,
און ברען נישט אוים ד'אויגען, און פראל ניט קיין סך,
און לייכט מיר נאר שטיל ביי דער נאכט!

## א הימן.

איך בין דער שווערד, איך בין דער פלאם. איך האב אייך געלויכטען אין דער דונקעלהייט, און אז די שלאכט האט אנגעהויבען, האב איך געפאכטען פאראוים, אין דער ערשטער רייהע.

ארום מיר ליגען די טויטע קערפּערס פון מיינע פריינד, אבער מיר האבען געזיעגט. אין די הויכע טריאומפגעזאנגען גיסען זיך אריין טענער פון אל מלא רחמים. מיר האבען אבער קיין צייט, ניט צו פרעהען זיך און ניט צו טרויערן. די טראמפּייטען רופען אויף דאם ניי, עם הויבט אן א נייער קאמף —

איך בין דער שווערד, איך בין דער פלאם.

## פון די „לעצטע געדיכטען".

### דאָס לעכצען נאָך רוה.

לאָז בלוטען דיינע וואונדען, לאָז
די טרערען אָהן אָן אָפּהאלט רינען;
געהיימער תענוג גלעט דיין הארץ,
אין ווייגען קענסטו הילף געפינען.

פארוואונדעט דיך קיין פרעמדע האנד,
דאן מוזטו זיך אליין פארלעצען;
אויך זאָלסטו דאנקען גאָט דערפאר
ווען טרערען דיינע באקען נעצען.

דער רויש פון טאָג פארקלינגט, עס שטייגט
אראָפּ די נאכט מיט הללויה,
עס וועט דיך אין איהר שוים קיין נאר,
קיין שעלם ניט שטערען מעהר דיין רוהע.

דאָ ביזטו זיכער פון מוזיק,
די פיאנא־פארטאָס אלע שטומען;
ביזט פריי פון גרויסער אפער־פראכט
און פון דעם דומען בראַווא־ברומען.

דאָ ווערסטו ניט פארפאָלגט, געפּלאָגט
פון גאוה'דיגע ווירטואזען
און פון גיאַקאָמאָ'ס זשעניע,
וועם ס'האָט די וועלט אזוי צובלאָזען...

אין גרוב איז א גן־עדן דאך
פאר פעבעל־פיינד, פאר צארטע אוי'רען;
דער טויט איז גוט, דאך בעסער וואלט
די מוטער אונז גאר ניט געבוירען...

## די שקלאפען-שיף.

1.

ביי זיך אין קאיוטע זיצט מינהער פאן קאק,
גאר טיעף אין א חשבון פארגראבען;
ער חשבונ'ט זיך אויס וואס זיין סחורה באטרעפט
און וויפיעל פארדיענסט ער וועט האבען:

„דער גומי איז גוט און דער פעפער איז גוט,
„ביי דריי הונדערט זעקלאך און פעסער;
„און גאלד־שטויב און עלפענביין האב איך — און דאך
„די סחורה, די שווארצע, איז בעסער.

„איך האב פאר א שפאט־פרייז ביים סענעגאל־טייך,
„די זעקס־הונדערט ניגערס געקראגען;
„דאס פלייש איז גאר הארט און די מוסקלען געשפאנט,
„ווי אייזען כמעט, קען מען זאגען.

„איך האב פאר זיי בראנפען און ווערקצייג פון שטאהל
„און גלעזערנע „פעריל" געגעבען;
„זיי וועלען מיר ברענגען אכט־הונדערט פראצענט,
„אפילו אויך דאן, ווען ביים לעבען

„וועט בלייבען ניט מעהר ווי די העלפט נאר פון זיי.
„אין האפען פון ריא־זשאניירא,
„באצאהלט מיר א הונדערט דוקאטען פער שטיק
„די פירמא גאנזאלעס פעריירא.

פאַן קאַק זיצט פאַרטיעפט, זיין געדאנק אבער ווערט
גאַר פלוצלינג איהם איבערגעריסען;
עס ווייזט זיך אין טיר דער צירולניק פון שיף,
זיי נאַמען איז דאָקטאָר פאַן סמיסען.

ר'איז לאנג ווי א דראַנג און זיין נאַז איז באדעקט
מיט וואַרצעלעך איבער און איבער;
„ווי געהט'ס, הער דאָקטאָר?" — פרעגט לוסטיג פאַן קאַק
„ווי געהט עס די שווארצע, מיין ליעבער?"

דער דאָקטאָר באַדאנקט פאַר'ן פרעגען און זאָגט:
„איך בין איך צו מעלדען געקומען,
„אַז היינט איז דער נאַכט האָט זיך שטארקער ווי פריה'ר
„דער טויט צו דער ארבייט גענומען.

„ביז איצט פלעגען פגר'ן צוויי יעדען טאָג,
„היינט זענען גע'פגר'ט שוין זיבען,
„פיער מענער, דריי פרויען — איך האָב דעם פארלוסט
„זאָפאָרט אין די ביכער פארשריבען.

כ'האָב איינעם נאָך איינעם גענומען פון זיי,
אויך אונטער מיין מעסער דעם שארפען;
די לומפען פארשטעלען זיך אָפטמאָל פאר טויט,
מען זאָל זיי אין ים אריין ווארפען.

„איך האָב זיי דערנאָך פון די קייטען באפרייט,
„וואָס האָבען באוואַכט זיי ביים לעבען;
„צו מאָרגענס האָב איך, ווי געוועהנליך, צום ים
„זיי אלעמען איבערגעגעבען.

„דאן זענען פיעל היי־פיש פון וואסער ארויס
„צום פרעס, אלע גרייט, אלע פארטיג;
„זיי זענען די קעסט־קינדער מיינע אין ים,
„דאס נעגער־פלייש שמעקט זיי גרויסארטיג.

זיי האבען דאס פלייש פון די פגר׳ם דערשמעקט,
מיר דאכט זיך כמעט שוין אין בארטען,
זיי שווימען דאך אלע פון הינטער דער שיף
שוין זינט אונזער אפפאהר פון דארטען.

„עס איז אזוי שען צו באטראכטען ווי זיי
„פארכאפען א פגר א נייעם.
„כאפט איינער דעם קאפ, כאפט דער צווייטער א פוס,
דער דריטער פארשלינגט די שירים.

„געענדיגט די סעודה, דאן הויבען זיי אן,
„מיט פרייד ארום שיף זיך באוועגען;
„און שען איז צו זעהן — ס׳ארא דאנקבארען בליק
„זיי טראגען מיר אלע אנטקעגען.“

— דאך זיפצענדיג פאלט איהם אריין אין די רייד
פאן קאק, און כמעט ווי מיט טרערען,
פרעגט ער דעם דאקטאר: „וואס קענען מיר טאן
דעם טויט אין זיין ארבייט צו שטערען?“

איהם ענטפערט דער דאקטאר: „ס׳איז ניט אונזער שולד
„די מעהרצאהל פון זיי איז געשטארבען
„דערפאר, ווייל זיי האבען די לופט פון דער שיף,
„מיט זייערע אטעמס פארדארבען.

„פיעל אנדערע זענען געשטארבען פון פיין,
„זיי קענען קיין לאנגוויל פארטראגען.
„איך גלויב, אז מיט טענץ און מוזיק אויפ'ן דעק
„וועט לייכט זיין די קרענק צו פאריאגען.“

„א טייערע עצה!“ — דערפרעהט זיך פאן קאק —
„יא, דאקטארשע קלוגשאפט זאל לעבען!
„איך גלויב אריסטאטעלעס וואלט מיר אצינד
„קיין בעסערע עצה געגעבען.

„אין דעלפטע דער בלומען־פעראיין־פרעזידענט
„איז אויך ניט קיין נאר, מענט איהר וויסען;
„דאך איז ער, — איך שווער אייך, — ניט האלב אזוי קלוג
„ווי א י ה ר, מיין צירולניק פאן סמיסען.

„מוזיק, יא מוזיק! — אט־אדא אויפ'ן דעק
„זאל טאנצען די חברה און שפרינגען.
„און ווער ס'איז ניט לוסטיג ביים טאנץ — זאל מען איהם
„מיט בייטשען צו לוסטיג־זיין צווינגען!“

עס קוקען פון נאכט־בלויען הימעל אראפ
פיעל טויזענדער שטערענדלאך קליינע;
זיי גלאנצען פארבענקט און גאר טרוימעריש קלוג,
ווי אויגען פון פרויען גאר שענע.

זיי קוקען פון אויבען אראפ אויפ'ן ים,
וואס ליגט איבערגעצויגען מיט שטראהלען,
מיט שטראהלען פון פורפור גאר וויים און גאר ברייט
אריבער די טאנצענדע וואלען.

פאראנקערט אין וואסער דאָס שקלאפען־שיף ליגט
און בויגט זיך און וויעגט זיך פאמעלעך;
עס בלינצען לאמטערענדלעך פיעל אויפ׳ן דעק
און טאנץ־מוזיק רימפּעלט גאָר פרעהליך

דער שטייערמאַן פאהרט אויפ׳ן פידעל ארום,
דער קוכער איז איצטער א פלייטער;
דער שיף־יונג בעארבייט גאָר צערטליך די פויק,
דער דאָקטאר — ער בלאָזט א טראָמייטער.

און נעגער און נעגערטעס הונדערט און מעהר
זיי דרעהען זיך, קווימשען און שפּרינגען;
ביי יעטווידער שפּרונג הערט מען קלינגען אויף זיי
די קייטען, די אייזערנע רינגען.

א שענהייט א שווארצע נעהמט פלוצלינג ארום
א נאַקעטען בחור א שווארצען;
זיי טאַנצען גאָר לוסטיג — מען הערט אויך דאביי
א קרעכצען וואָס קומט פונ׳ם הארצען.

א קנעכט שטעהט אין מיטען און קנאַקט מיט׳ן בייטש
צום טאַקט ווי די מוזיקער שפּילען;
און ווער ס׳איז ניט לוסטיג ביים טאַנץ, דער באַקומט
די בייטש אויפ׳ן רוקען צו פיהלען...

און טיידידידאַם־דאַם און טידל־די־דאַם
דער שרעקליכער ליארעם נעהמט וועקען
די ריעזען וואָס שלאָפען טיעף אונטען אין ים,
זיי נעהמען זיך ריהרען און שרעקען.

עס קומען פארשלאָפען ארויף אין דער הויך
די הייפיש אונצעהליגע הונדערט;
זיי גלאָצען פאר׳גולם׳ט ארויף צו דער שיף
און ווערען ערשטוינט און פארוואונדערט.

ס׳איז קלאָהר אז די אָנבייסען־צייט איז דאָס ניט
אזוי טראכט זיך איינער און איינער;
און פיעלע צוגענעצען זיך אין דער ברייט
און ווייזען די שפּיציגע ציינער.

און טידידידאמטאָם — עס נעהמט ניט קיין סוף
צום טאַנצען אזוי ווי צום שמייסען;
פון אונגעדולד נעהמען די הייפיש זיך גאָר
די אייגענע עקען צו בייסען.

איך גלויב, אז זיי האָבען ניט ליעב קיין מוזיק —
און אלביאָנס דיכטער פלעגט זאָגען:
„פון חיות, וואָס האָבען ניט ליעב קיין מוזיק,
אנטלויף וואו דיין פוס וועט דיך טראָגען.

און טידידידאמבאָם און טידלדידאָם! —
צום טאנץ וויל קיין ענדע ניט ווערען;
ביים מאסט־בוים שטעהט מינהער פאַן קאָך און ער שטרעקט
די הענט מיט געבעט צו די שטערען.

„אין נאָמען פון יעזוס׳ן בעט איך דיך, גאָט!
„לאָז לעבען די שווארצע, די זינדער;
„און טוען זיי בייזעס, נו, ווייסט דו דאָך שוין,
„אז זיי זענען דום ווי די רינדער.

„לאָז לעבען די שווארצע אין נאָמען פון איהם,
„וואָס איז פאר אונז אַלע געשטאָרבען;
„עס מוז מיר כאָטש בלייבען א דריי הונדערט שטיק,
„אַז ניט איז מיין מסחר פארדאָרבען!...

## דער פילאַנטראָפּ.

געווען איז אַ ברודער און שוועסטער,
די שוועסטער איז אָרים, דער ברודער איז רייך;
געזאָגט האָט צום רייכען די אָר'מע:
אָ, שענק מיר אַ שטיקעלע ברויט.

עס האָט איהר דער רייכער געענטפערט:
„היינט לאָז מיך, איך בעט דיך, צו רוה,
היינט גיב איך מיין יעהר'ליכע סעודה
די הערען פון קעניגס־ראַט.

„פון שילדקרויט אַ זופּ האָט ליעב איינער,
דער צווייטער האָט ליעב אַנאַנאַס,
דער דריטער האָט גערן פאַזאַנען
מיט טרעפלאך אַזש פון פעריגאָרד.

„דער פירטער וויל דוקא נאָר ים־פיש,
דער פינפטער פארצעהרט אויכ'עט לאַקס,
דער זעקסטער פרעסט אַלץ וואָס מען גיט איהם
און טרינקט נאָך מעהרער דערצו.“

די אָרימע, אָרימע שוועסטער
איז הונגעריג געגאַנגען אַהיים,
זי האָט זיך געלעגט אויפ'ן שטרויזאַק,
און אָפּגעזיפצט טיף און זי שטאַרבט:

מיר מוזען דאָך אַלע שטאַרבען,
די קאַסע פון טויט זי האָט
דעם ברודער דעם רייכען געטראָפען
אַזוי ווי די שוועסטער בעפאָר.

און ווי נאָר דער ברודער דער רײכער
געזעהען האָט, זײַן שעה קומט אָן,
גערופען האָט ער דעם נאָטאַריוס
און האָט זײַן צוואה געמאַכט.

באַדײַטענדע פאַרמעגענס
האָט ער די גלחים געלאָזט,
די שול־אַנשטאַלטען, דעם גרויסען
מוזעאום פאַר זאָאָלאָגיע.

מיט עדעלע סומען באַשאַנקען
האָט אויכ'עט דער גרויסער מאַן
די אידענבאַקעהרונגס געזעלשאַפט,
און דעם טויב־שטומען אינסטיטוט.

ער האָט אויך אַ גלאָק אָפּגעשריבען
דעם נײַעם סאַנקט סטעפאַנס טהורם;
זײַן וואָג איז פינף הונדערט צענטנער
און גאָר פון דעם בעסטען מעטאַל.

ס'איז איינמאָל אַ גלאָק שוין געוועזען,
געקלונגען פון פריה ביז שפּעט,
געקלונגען צום לויב און צום כבוד
פון דעם אונפאַרגעסליכען מאַן.

ער מעלדעט מיט קופערנע צונגען
וויפיעל ער האט גוטעס געטאן
דער שטאדט און זיינע מיטבירגער.
אהן אויסנאם פון רעליגיאן.

דו, גרויסער דער מענשהייט׳ס בעל טובה,
אין לעבען אזוי ווי אין טויט —
פון איטליכער וואוילטאט פון דיינער
זאל געבען צו וויסען דער גלאק!

די קבורה פראצעסיע געפייערט
געוועזן איז מיט פראכט און פאראד:
פארביי האט געשטראמט די מענגע
געשטוינט מיט עהרפורכט פול

אויף א וואגען א שווארצען,
וואס האט ווי א חופה געשיינט,
מיט שטרויספעדער שווארצע
האט הויך דער ארון גערוהט.

דער ארון פון זילבערנע בלעכען
און זילבערנע שטיקעריי;
געמאכט האט אויף דעם גרונד דעם שווארצען
גאר דעם שענסטען עפעקט.

זעקס פערד געשפאנט צו דעם וואגען
אין שווארצע דעקען פארהילט;
זיי זענען ווי טרויער־מאנטלען
געפאלען אראב ביז די פיס.

און הינטער דעם אָרון געגאַנגען
די דינער אין שוואַרצען ליווריי,
שניי־ווייס נאָז־טיכער געהאַלטען
צום קומער־רויטען געזיכט.

די פּני פון שטאָדט, די נכבדים,
זיי זענען אין אַ לאַנגער רייה'
אין שוואַרצע קאַרעטען פאַראַדנע
נאָכגעפאָהרען דעם צוג.

און אין די קאַרעטען, פאַרשטעהט זיך,
האָבען זיך געפונען אויך
די הערען פון קעניג'ס ראַטהען,
דאָך זענען זיי ניט געוועזן קאָמפּלעט.

דער וואָס פאַזאַנען מיט טריפעלעך
האָט ליעב געהאַט, האָט געפעלט
עס איז ניט לאַנג גאָר געשטאָרבען
פון אונפאַרדייאונג דער מאַן...

## שיר השירים.

(„דאָס האָהע ליעד").

דאָס ליעד פון ווייב איז אַ געדיכט,
וואָס גאָט האָט אָנגעשריבען
אין גרויסען שטאַם־בוך פון נאַטור,
ווען איהם האָט דער גייסט געטריבען.

יאָ, גינסטיג איז די שעה געוועזן,
ער איז געוועזן באַגייסטערט,
ער האָט דעם שטורעמדיגען שטאָף
גאַנץ קינסטלעריש באַמייסטערט.

פאַר וואָהר, דאָס ליעד פון ווייב איז גאַר
דאָס העכסטע ליעד פון ליעדער
עס זענען סטראָפען הערליכע,
די שלאַנקע, ווייסע גלידער.

אַ, וועלכע געטליכע אידעע
ליגט אין דעם האַלז דעם בלאַנקען,
אויף וועלכען ס'רוהט דער קליינער קאָפּ —
דער לאָק'גער הויפּט־געדאַנקען.

די רויזענקנאָספּען ביי די בריסט,
געפיילטע עפּיגראַמען,
ענטציקענד איז אויף די צעזור,
וואָס טיילט דעם בוזעם אין פלאַמען.

ווי ווייט דער שעפער פּלאַסטיש איז,
ווייזט יעדע היפט די איינע,
און צווישען זיי דער פייגענבלאַט
איז אויך אַ שטעל אַ שענע.

ס'איז קיין אבסטראַקט, קיין קאָפּ־פּאָעם —
דאָס ליעד האָט פלייש און ריפּען,
ס'האָט הענד און פיס, עס לאַכט און קושט
מיט שענגעגראַמטע ליפּען.

דאָ אָטעמט עכטע פּאָעזיע —
און חן אין יעדער ווענדונג,
און אויף דעם שטערען טראָגט דאָס ליעד
דעם שטעמפּעל פון פאַרענדונג.

איך וויל א שבח דיר געבען, גאט,
און פאלען פאר דיר אין שימעל,
מיר זענען פושערס געגען דיר,
דו גרייסער פאעט אין הימעל!

פארטיפען וויל איך מיך, א, גאט,
אין ליעד אין דיינעם דעם שענעם,
איך גיב אוועק שטודירען זי
די טעג און נעכט אין איינעם.

יא, טאג און נאכט שטודיר איך עס,
איך וויל קיין צייט פארלירען,
איך בין געווארען אזוי קראנק —
דאס קומט פון פיעל שטודירען...

## לאָטום בלום.

(צו דער Mouche — מוש.)

ווארהאפטיג, מירביידע זענען
א גאנץ קוריאזע פאר,
די ליעבסטע איז שוואך אויף די פיס און
דער ליעבהאבער קרום איז גאר.

זי איז ווי א ליידענדע קעצעל,
און ער איז קראנק ווי א הונד,
איך גלויב, אז דער שכל בייביידען
איז אויך ניט גאר געזונד.

זי איז א לאטוס־בלימעל —
אזוי רעדט די ליעבסטע זיך איין,
דאך ער, דער בלייכער געזעלען,
ער גלויבט א לבנה צו זיין.

די לאטוס בלימעל מאכט אפען
איהר בעכער אין לבנה־ליכט.
דאך שטאט א באפרוכטענדעם לעבען
באקומט זי גאר א געדיכט.

## אין דער פריה.

זי, מיין גוטע, ליעבע פרוי,
זי, מיין הארציגע געליעבטע,
האט דעם פרישטיק צוגעגרייט,
ברוינע קאווע, ווייסע שמאנט.

און זי טראגט אליין איהם צו
מיט א חנ׳רעל מיט א ליעבען,
אין דער גאנצער קריסטליכקייט
שמייכעלט קיינער אזוי ליעבליך.

אויף דעם פלייטענטאן פון קול
די מלאכים בלויז פארמאגען,
אדער אלענפאלם אויף ד ע ר וועלט
ביי די בעסטע נאכטיגאלען.

## צום לאַזאַרוס.

1.

לאָז די הייליגע משלים,
לאָז די פרומע היפּאָטעזען:
זעה די פראגען די פארדאמטע
אָהן פּלפּולים זיי צו לעזען.

זאָג, פארוואָס שלעפּט אום זיך עלענד
און פארבלוטיגט דער גערעכטער,
ווערהרענד גליקליך, ווי א זיגער
רייט אויפ'ן הויכען פערד דער שלעכטער?

ווער איז שולדיג? איז אפילו
גאָט אליין ניט גאָר אלמעכטיג?
אָדער ס'איז זיין אייגענע ארבייט? —
אָך, דאָס וואָלט זיין נידערטרעכטיג.

אזוי פרעגען מיר באשטענדיג,
ביז די מיילער מען פארשטאָפּט אונז
מיט א הויפען ערד א פולען —
אָבער איז דאָס דען אן ענטפער?...

2.

מיין טאָג געוועזן איז העל, פול גליק מיין נאכט,
מיין לירא האָט געפרעהט מיין פאָלק, און פרייער
געקלונגען האָט מיין ליעד פול לוסט און פייער,
און האָט מעהר שענהייט אומעטום געבראכט.

נאך בליהט מיין זומער. נאר אריינגעבראכט
האב איך שוין לאנג די זאנגען אין מיין שייער,
און איצט זאל איך פארלאזען וואס האט טייער
און ליעב אזוי די וועלט פאר מיר געמאכט.

מיין אינסטרומענט נעמט שוין פון האנט מיר זינקען,
צובראכען איז דאס גלאז, וואס כ'האב געפרעסט
ניט לאנג צו מיינע ליפען אהן א ציטער.

ווי גוט פון לעבענסבעכער פרייד צו טרינקען,
ווי גוט צו לעבען אין דעם ליעבען נעסט!
ווי העסליך איז דאס שטארבען און ווי ביטער!

3.

אייביקייט, ווי ביזטו לאנג,
לענגער נאך ווי טויזענד יאהר!
טויזענד יאהר שוין, ווי איך ברען,
און עס נעמט קיין סוף ניט גאר.

אייביקייט, ווי ביזטו לאנג,
לענגער נאך ווי טויזענד יאהר;
און דער שטן קומט צולעצט,
פרעסט מיך אויף מיט הויט און האר.

4.

מיטעלאלטערליכע רויהייט
ווערט פארטריבען פון עסטעטיק;
און אליץ מעהר און מעהר פון בילדונג
ווערט דאס ווערקצייג דאס קלאוויר.

און די אייזענבאהן אלץ בעסער
מאכט אונז דאָס פאמיליענלעבען.
דען זיי מאכען אונז אלץ לייכטער
ווייט צו זיין פון אונז'רע קרובים.

ווי באדויער איך, וואָס ס'לאָזט ניט
מיר די אויסצעהרונג אין רוקען
מיר נאָך לענגער צו פארבלייבען
דאָ, אין אזא פארטשריטס־וועלט!

5.

זיי האָבען מיך געקושט, אין ליעבען טאָן
גערעדט מיט פאלשע ליפען, פון ווײנרעבען
מיר דאן דעם זאפט, געמישט מיט גיפט, געגעבען.
דאָס האָבען פריינד און קרובים מיר געטאָן.

דאָס פלייש פון מיינע ריפען הויבט שוין אָן
צופאלען, כ'קען פון בעט זיך ניט אויפהויבען;
גע'גנב'עט האָבען זיי מיר מיין יונג לעבען.
דאָס האָבען פריינד און קרובים מיר געטאָן.

איך בין א קריסט, ווי ס'שטעהט אין קירכענבוך.
דעריבער וויל איך איצט, אין אָנגעזיכט
פון טויט, אייך אלץ פארצייהען ברידערליך.

דאָס איז מיר שווער. אך, ליעבער מיט א פלוך
וואָלט איך מיט אייך צולעצט געזעגענט זיך:
אָ, גאָט, דו האר, פארדאָם זיי און פארניכט!

6.

עס קומט דער טויט, — איצט וויל איך זאגען,
וואס זאגען האט פארבאטען מיר
ביז איצט מיין שטאלץ: פאר דיר, פאר דיר,
עס האט מיין הארץ פאר דיר געשלאגען.

גרייט איז מיין ארון, באלד פארזינקען
וועט ער אין גרוב, מיין לעצטער רוה.
דאך ידו, דאך דו, מאריא, דו
וועסט וויינען אפט און מיך געדענקען.

וועסט ברעכען דיינע שענע הענט,
א, זיי געטרייסט, מאריא, ווייס:
אלץ, וואס איז גוט און שען און גרויס,
אין עלענד שטארבען מוז צו ענד.

## דער שטארבענדער.

ס'איז אפגעשטארבען אין מיין ברוסט
די וועלטליך אונזיניגע לוסט,
און טויט איז מיט דעם לערען שפיעל
מיין האס צו בייז און דאס געפיהל
פאר אייג'נע און פאר פרעמדע נויט —
עס לעבט אין מיר איצט נאר דער טויט!

דער שפיעל איז אויס, דער פארהאנג פאלט,
מיט גענעצען צוגעהט זיך באלד
מיין ליעבע דייטשע פובליקום.
עס איז ניט נאריש: אומעטום
איצט שפייזט עס פרעהליך אויף דער נאכט,
און טרינקט זיין ביער און דענקט און לאכט.

גערעכט איז ער, דער גאָבעלער הערצאָג,
וואָס האָט גערעדט אין בוך פון האַמעראַס:
דער קלענסטער פיליסטער, וואָס וואוינט
אויפ'ן נעקאַר וואו, איז מעהר אין לעבען באַלוינט,
ווי איך, דער פעליד, דער טויטער העלד,
דער שאָטענפירשט אין דער אונטערוועלט.

# באמערקונגען.

זייט 13 די וואלקירען — נאָך דער סקאנדינאַווישער מיטאָלאָגיע, האַלב געטליכע מיידלעך אים דיענסט פון דעם קריעגס־גאָט אָדין.

" 14 אַבאַט — עלטסטער מאָנאַך.

" 19 קעניג אַרטור — לעגענדארישער ענגלישער קעניג, הויפּט־העלד פון געוויסע ריטער־לעגענדען.

" 21 קאַרל דער ערשטער — ענגלישער קעניג פון דער דינאַס־טיע פון די סטיוארט'ס, הינגעריכטעט געוואָרען אין יאָהר 1649.

" " מאריא אנטואנעטע — די פרוי פון לואי דעם 16טען. הינגעריכטעט געוואָרען בעת דער ערשטער פראנצויזישער רעוואָלוציע.

" 22 טופעט — געקרייזעלטע האָר איבער'ן שטערן.

" 25 דאַפנע — די טאָכטער פון דעם טייכגאָט פענעיוס, וואָס יופּיטער האָט זי פארוואנדעלט אין אַ לאָרבערבוים.

" 26 בעגוואינען — יונגע מאָנאַשקעס, וואָס מען האָט זיי נאָך ניט געגעבען קיין שבועה.

" 28 טאראָק און ל'האמברע — אַזאַ קאָרטענשפּיעל.

" 32 ריכארד (ריטשארד) לייבענהארץ — באריהמטער ענגלישער קעניג, האָט זיך באַטייליגט אין די קרייץ־צוגען (מסעי הצלב).

" 34 אורסולינערינען — געוויסע מאָנאַשקעס, אָנגערופען אַזוי נאָך דער הייליגער אורסולאַ.

" " ליטאַנייען — אַזעלכע תפילות.

" 35 מיזערערע — דערבארם זיך. דער אָנהויב פון אַ תפילה, וואָס ווערט געזונגען אין די קאַטוילישע קירכען.

" 37 אַלהאמבראַ — אַ קעניגליכער פּאַלאַץ אין דער שפּאנישער שטאָדט גראנאדא פון דער צייט, ווען די אַראַבער האָבען דאָרטען געהאַט די ממשלה.

" 39 אנדאַלוזישע — פון אנדאַלוזיען, אַ פּראָווינץ אין שפּאַניען.

זייט 39 זשעפּראַי רודעל — אַ באַוואוסטער ריטער און זינגער האָט זיך פאַרליעבט אין דער גרעפין מעליסאַנדע פון טריפּאָליס, וועלכע ער האָט קיינמאָל ניט געזעהען, נאָר וועגען וועלכער ער האָט זיך זעהר פיעל אָנגעהערט. צום סוף האָט ער זיך געלאָזט פאָהרען איבער'ן ים, כדי צו זעהען זיין געליעבטע; ער איז אָבער אויפ'ן וועג קראַנק געוואָרען און איז אָנגעקומען אין אַ גוסס'ען צושטאַנד.

" 48 לא אילא איל אללא — דער אָנהויב פון אַן אַראַבישען שפּרוך: „גאָט איז גאָט, און מחמד איז זיין נביא".

" 55 פערנאַנדאָ קאָרטעץ — דער, וואָס האָט עראָבערט מעקסיקאָ אין יאָהר 1521. מיט 15 יאָהר שפּעטער האָט ער ענטדעקט קאַליפאָרניאַ.

" 62 הידאַלגאָ — שפּאַנישער אַדעליגער.

" 65 מצבה אויף כּאַלעראַ — אַ באַוואוסטע סטאַטוע אין באַזעל.

" " מאַנקען־פּיס — אַ באַוואוסטע סטאַטוע אין בריסעל.

" 80 עלפען — קליינע לופט־און־ערד־גייסטער.

" " טיטאַניאַ — קעניגין פון די עלפען.

" 81 וועלשע — איטאַליענישע. דאָ ווערט עס באַנוצט אין דעם זין פון מאָדנע, זאָנדערבאַרע.

" 82 סאַלאַמאַנדרע — אַ פייער גייסט.

" 83 אַלרוינען — גייסטער, וואָס קענען פאַרשידענע פאַרבאָרגענע חכמות און קונסט.

" 85 סטיקס — אַ טייך אויף יענער וועלט, לויט דער גריכישער מיטאָלאָגיע.

" 98 טירטעאוס — אַ גריכישער דיכטער, פערפאַסער פון קריעגס־געזאַנגען.

" 99 ווילהעלם וויסעצקי — היינע'ס אַ חבר אין די קינדערשע יאָהרען; דערטרונקען געוואָרען, וועלענדיג אַרויסשלעפּען אַ קעצעל פון וואַסער.

" 103 **Pauvre Homum** — אָרימער מענש.

" 105 פלאַקוס — אַ רוימישער דיכטער, וואָס איז אַנטלאָפען פון שלאַכטפעלד.

" " די זאַנטאַג — אַ באַריהמטע זינגערין.

" 128 פּראָוואַנס, גיענע, פּואַטו, רוסיליאָן — געגענדען אין דרום פראַנקרייך.

" " לאַנגדאָק — די שפּראַך פון דרום פראַנקרייך.

" 130 לווירא — די געליעבטע פון דעם איטאַליענישען דיכטער פּעטראַרקאַ.

" " קאַרפרייטאַג — דער לעצטער פרייטאַג פאַר דעם קריסטליכען פּסח.

זייט 133 זשעפּראַי רודעל — (זעה באמערקונג צו זייט 39).

" 134 דריוש — דער פּערזישער קעניג דאַריוס, וועמען אלכסנדר מוקדון האָט באַזיעגט.

" " דער פאַלשער סמערדיס — סמערדיס, דער זוהן פון אַ פּערסישען קעניג, איז אויף אַ פאַרעטערישען אופן גע־הרג'עט געוואָרען פון זיין אייגענעם ברודער. אַזוי ווי ער איז געווען באַליעבט ביים פאָלק און ניט אַלע האָבען געוואוסט פון זיין טויט, האָט זיך מיט דעם באַנוצט אַ שווינדלער, וועלכער האָט זיך אָנגעגעבען, אַז ער איז דאָס סמערדיס, און איהם האָט זיך איינגעגעבען צו פאַרכאַפּען דעם טראָן, ביז מען האָט זיך דערנאָך דערוואוסט, אַז דאָס איז געווען אַ פאַלשער סמערדיס.

" 137 מענדיזאַבעל — אַ באַוואוסטער שפּאַנישער פינאַנץ־מי־ניסטער.

" " טילעריען — אַ באַוואוסטער קעניגליכער פּאַלאַץ אין פּאַריז.

" 138 פּערזעפּאָליס — אַן אַלטע שטאָדט אין פּערסיען.

" 139 אָמאַיאַדען — אַן אַראַבישע קעניגליכע דינאַסטיע.

" 141 איזים — עגיפּטישע געטין.

" " סאַראַצענער — אַמאָליגע איינוואָהנער פון אַראַביען.

" 147 הרירי — אַן אַראַבישער דיכטער, וועמען אלחריזי האָט איבערזעצט.

" " מאַקאַמען — אַ געוויסע פאָרם פון אַראַבישער דיכטונג: פּראָזא געשריבען מיט גראַמען.

" 149 דאַפנע — זעה באמערקונג צו זייט 25.

" 157 קאַפּוצינער — מאָנאַכען, וואָס טראָגען קאַפּוצען — אַזעל־כע היטלען.

" 158 גאַרדיאַן — איינער פון די עלטעסטע מאָנאַכען.

" 163 באַזיליסק — אַ לעגענדאַרישער דראַכען, וואָס זיין קוק קען טויטען.

" 164 אָטערן, נאָטערן — אַזעלכע שלאַנגען.

" 170 מאַטעלאָטען — אַזא געריכט פון פיש.

" III. Magna linguae romanae ignorantia — גרויסע אונ־וויסענהייט בנוגע צו דער רוימישער (לאַטיינישער) שפּראַך.

" 211 גיאַקאָמאָ — מעיערבער'ס פאָרנאָמען.

" 216 אַלביאַנס־דיכטער — ענגלאַנדס דיכטער. (דאָ מיינט היינע שעקספּיר'ן).

" 228 נעקאַר — אַ טייך אין דייטשלאַנד.

# אינהאלט:

## דאָס ערשטע בוך.

### היסטאָריען.



## דאָס צווייטע בוך.

### לאמענטאציאָנען.

# דאס דריטע בוך.

## העברעאישע מעלאדיען.

# געמישטע ליעדער.

## פון „נייעם פריהלינג“.



## פון „סעראפינע“.



## פון די „ראמאנצען“.



## פארשיעדענע ליעדער.

## פון „די צייט ליעדער“.



## פון די „לעצטע געדיכטען“.



## צום לאזארום.